# יודישע
# פָאלְקס־צַייטוּנג

ט"ו סיון תרס"ג. פערלאג „פאלקס־בילדונג" װארשא. 10 Juni 1903.

Nr. 24. | **Jüdische Volks-Zeitung** | צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער. 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 80 קאפ. 60 העלער. 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס־צייטונג.

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעל־יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

10 Juni 1903. | Nr. 24. | ט"ו סיון תרס"ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“ איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

## „הילף“

### די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

### געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע יודישע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן און העברייאיש און אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

אין זאמעל-בוך „הילף“ וועלען אריינקומען ארגינעלע ארטיקלען פון

## לעוו טאלסטאי און מאקסים גארקי

איבערזעצט פון רוסישען אין זשארגאן דורך אונזער מיטארבייטער **שלום עליכם.**

פון די יודישע שריפטשטעלער האבען ביז איצטער זיך אנגערופען מיטצוארבייטען אין זאמעל-בוך „הילף“: **מענדעלי מוכר ספרים** (שלום יעקב אבראמאוויטש); **שלום עליכם** (ש. ראבינאוויטש); **דוד פרישמאנן; בן־עמי** (מ. ראבינאוויטש), **עזרא גאלדין; מנשה מרגליות;** און **אלעזר שולמאן.**

די ווייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

### דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס־צייטונג“.

## „מְלָאכָה—מְלוּכָה."

דער ווערט פון מלאכה האט ביי אונזער פאלק געהאט פארשידענע צייטען: איינמאל איז די מלאכה געשטאנען גאנץ הויך, געהאט גרויס חשיבות, דאס אנדערע מאל געפאלען זעהר נידריג אדער געזונקען גאנץ טיעף. איז דאס פאלק געווען נעהנטער צו דער נאטור האט די מלאכה געשטיגען אין איהר ווערט; קוים אבער איז דאס פאלק אבגעריסען געווארען פון דער נאטור האט די מלאכה פארלארען איהר ווערט.

ווען די יודען זענען געווען א פאלק פון ערד־ארבייטער, אויף זייער איינען לאנד, האט דער צושטאנד פון מלאכה געבליהט. ערד־ארבייט אליין איז דאך אויך א מלאכה, א פראפעסיע, און יעדער פויער מוז דאך קענען אויסער בעארבייטען זיין פעלד און גארטען, אויך מאכען זיך א וואגען, כלים צו ארבייט, בויען זיך א הויז און מאכען די גאנצע ווירטשאפט. ווען יודען זענען געקומען אין ארץ ישראל, איז נאר איין שבט לוי געווען אבגעגעבען דער תורה און דעם גייסטיגען לעבען, די איבריגע שבטים זענען געווען ארבייטער, יעדער האט בעארבייט זיין פעלד און וויינגארטען און דאביי אויף געטאן אלע מלאכות וואס זענען נייטיג אין לעבען. דער כהן, דער גייסטליכער האט געלעבט פון דעם, וואס דאס פאלק האט איהם געגעבען, און דאס האט געווים אין איהם ניט אריינגעגעבען איבריג שטאלץ געגען דעם פראסטען פויער, וואס האלט איהם אויס, ערנעהרט איהם פון תרומה, מעשר אדער קרבנות.

עס איז גאר אוממעגליך זיך פארשטעלען א פאלק פון ערד־ארבייטער, ביי וועלכען די מלאכה זאל זיין א חרפה, זאל שאדען צום יחוס. אדרבא, דער גרעסטער יחוס פון אזא פאלק איז גאר די כשר'ה האנט־ארבייט. אין א מלחמה צייט האט דער פויער אוועקגעווארפען זיין אקער, דער שמיד זיין האמער, האבען געשארפט שווערדען און שפיזען און געגאנגען געגען פיינד, געוויזען גבורות; נאך דער מלחמה זענען זיי צוריק געגאנגען יעדער צו זיין שטיקל ערד אדער צו זיין מלאכה.

און אפילו נאכדעם, ווען יודען האבען פארלארען זייער פריי־הייט, זעלבשטענדיגקייט און געווארען אונטערגעווארפען צו אנדערע, ווי נאכ'ן ערשטען און צווייטען חורבן, ווען דער „עם הארץ", דאס הייסט דער ערד־ארבייטער, וואס איז צוגעבונדען צו זיין ערד, איז געווארען א חרפה, ווייל ער איז זעהר פארגרעבט און ווייסט גאר ניט פון איידלערע ענינים, איז נאך אלץ די מלאכה פאר זיך ניט געוועזען קיין שאנדע, און קוים איז נאר דער בעל־מלאכה געווען ניט פאר־גרעבט, האט ער געהאט דעם גרעסטען כבוד. עס איז יעדען בעקאנט, אז צווישען די גרויסע תנאים, די פונדאמענטען פון תלמוד, האבען זיך געפונען אזאלכע שווערע ארבייטער ווי שמידען, סטאלערס, שוסטער אז"וו. אין תלמוד געפינען מיר אהן צאהל שטעלען, וואו די מלאכה ווערד געריהמט. עס איז גענוג צו דערמאנען די צוויי אויסשפרוכען פון אונזערע תלמוד־יסטען: „אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות" (האב ליב די ארבייט און האב פיינט דאס רבנות), „כל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה וגוררת עון" (תורה אהן מלאכה האט קיין קיום ניט און ברענגט נאר צו זינד). די אורזאכע, וואס די ארבייט איז געווען אזוי הויך געשעצט ביי אונזערע תלמוד־יסטען איז, ווייל אונזער פאלק איז נאך דאמאלס ניט געווען אין גאנצען אבגעריסען פון דער נאטור, פון דער מוטער־ערד, דען אפילו אין דער פרעמד האבען זיי דאמאלס געמעגט האבען אייגען לאנד און בעשעפטיגען זיך מיט אלע פראַ־פעסיעס. די בארבארען פון יענער צייט האבען נאך ניט געוואוסט פון בעגרענצען די פרנסות פון זייערע אונטערדריקטע...

עס זענען אבער געקומען אויף אונזער פאלק נאך ערגערע צייטען. אין פיעל לענדער האט מען אונזערע ברידער איינגעשלאסען אין געטא'ס, אין בעזונדערע פינסטערע גאסען, מען האט זיי אנגע־הויבען פארביטען פארשידענע פרנסות, אלע איידלע פראפעסיעס האט מען פון זיי צוגענומען און נאר איבערגעלאזען דעם האנדעל

---

## פעליעטאן.

### מאשקעלי גנב.

א ראמאן

פון שלום־עליכם.

(פארטזעצונג).

קאפיטעל י

### ער פאלט אויף איין עצה.

נאך אז ער איז געגאנגען אהין צו חיים חסיד אין שטוב אריין, איז שוין ביי איהם אין קאפ געווען פארטיג א גאנצער פלאן, און ניט נאר איין פלאן, עטליכע מיט אמאל.

איין פלאן איז ביי איהם געווען אזעלכער: ער וועט זיך איבער־טהון אין מלבושים פון א מאנאך; דער אנדערער פלאן איז ביי איהם געווען, אז ער וועט זיך פארשטעלען פאר א בעטלער; נאך א פלאן איז ביי איהם געווען, ער זאל זיך אנטהון ווי א טשינאווניק פון אקציז, צופאהרען צום מאנאסטיר און הייסען זיך ארויסרופען פון דארטען דאס יודישע מיידל, חאפען צו זיך אויפ'ן פערד און אנטלויפען מיט איהר וואו דער שווארצער פעפער וואכסט.

די אלע פראיעקטען, אז ער האט זיי רעכט צעקייעט, האט ער ארויסגעזעהען ווי נאריש זיי זענען און ער האט זיי נאכדעם אלין מבטל געווען און האט צוגעטראכט נאר א נייעם פלאן, א גרויסען און א געפעהרליכען.

ער איז געקומען אין מאנאסטיר אריין, גלייך צום עלטסטען און האט איהם אויסדערצעהלט זיין גאנץ ביטער הארץ, אזוי ווי ביי די יודען איז ער א „לא יבא בקהל", קיינער וויל מיט איהם ניט האבען קיין מגע ומשא, קיינער וויל זיך מיט איהם ניט משדך זיין, און מע רופט אי"ם מיט זעהר א שענדליכען נאמען „גנב", ווייל ער ווערען א בעל־תשובה, איבערבייטען די מלאכה, דעם נאמען און דעם גלויבען; נאר מחמת ער האט מורא די יודען זאלען איהם ניט דערקוטשען, בעט ער מע זאל איהם באשיצען פון יודישע הענט.

דער עלטסטער האט איהם אויסגעהערט, איבערגעפרעגט נאך אמאל און נאך אמאל און האט איהם צוגענומען, איהם געגעבען איין ארט אין מאנאסטיר און מבטיח געווען, אז עס וועט איהם חלילה גאר ניט שאדטען—און מעהר האט מאשקע ניט געוואלט. ער האט נאר בארארפט האבען, אז צירעלי זאל זיך פאראינטערעסירען מיט דעם נייעם פארשוין וואס איז אריינגעטראטען אין מאנאסטיר אריין און זאל זיך וועלען

אונ עטליכע גראבע, גידריגע מלאכות. די איידעלערע קלאסע יודען האט זיך איבערגעגעבען צום לערנען אונ האנדעל; די פראסטע, די ארימע, האבען געמוזט לעבען פון די גראבע, נידריגע מלאכות, אונ מיט דער צייט איז די מלאכה געווארען גאר א חרפה; פאר'ן נגיד, פאר'ן למדן איז גאר געווארען א שאנדע, זיך משדך זיין מיט א בעל-מלאכה, דער ווערט פון ארבייטער איז געזונקען ביי יודען ביז צו דער לעצטער שטופע...

אין אונזערע צייטען זעהען מיר א פארבעסערונג. אמת טאקי, דער היינטיגער רב, למשל, וועט אויך ניט געבען זיין טאכטער פאר א בעל-מלאכה, דער יחסן, וואס וואקסט פון שענער פאמיליע, וועט זיך ניט משדך זיין מיט א געוועהנליכען ארבייטער, אונ אז עס האלט ביי א שידוך בעריהמט זיך יעדער צד, אז זיין משפחה איז כסדר געקנעטען פון רבנים. דאך ביסלעכווייז זעהען מיר א בעסערונג, ביסלעכווייז בעקומט די מלאכה א גרעסערען ווערט. עס טרעפט שוין איצט גאנץ אפט, אז א טאטע א למדן גיט אב זיין קינד לערנען א פראפעסיע; די רייכע שיקען זייערע קינדער אין טעכנישע שולען, צו אויסלערנען א פאך. די יודישע בעלי-מלאכות שפילען שוין היינט א גרעסערע ראלע ווי אמאל.

די אורזאכע דערפון ליגט פון איין זייט אין דעם זיכערען לעבען פון דעם בעל-מלאכה אונ די רעכטע (זכיות), וואס ער האט מעהר פון דעם סוחר. דער בעל-מלאכה מעג, למשל, וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, איהם זענען אפען אלע ערטער, וואס זענען שטרענג געשלאסען פאר'ן יחסן, וואס לעבט פון לופט-געשעפטען, פאר'ן בעל-מלאכה איז אויך אפען די גאנצע וועלט; וואו ער קומט קאן ער פארדיענען זיין אויסקומעניש מיט זיינע צעהן פינגער, ער ווערד ניט קיין בעטלער אונ פאלט ניט אויף קיינעם צו לאסט.

ליידער אבער זעהען מיר, אז די בעלי-מלאכות בעקלאגען זיך אליין אויף זייער שלעכטען מזל, זיי פארדיענען וועניג, זיי לעבען אין דחקות, אונ די סבה דערפון איז: ווייל כמעט אלע האבען זיך גענומען צו איין מלאכה אונ די אנדערע ווערד אין גאנצען פערנאכלעסיגט. מיר האבען כמעט אין יעדער שטאדט שניידער, שוסטער, סטאליערם וכדומה מעהר ווי מען ברויכט; די קאנקורענץ ווערד דאדורך גרויס אונ דער פארדיענסט ווערד געשלאגען. דערצו האבען נאך אונזערע אחינו בני ישראל א מאוס'ע נאטור: ווען זיי בעדארפען עפים א שטיקל ארבייט פארגעסען זיי אין אייגענם ברודער אונ געהען צו א פרעמדען, חאטש דער פרעמדער נעמט פיעל טייערער אונ חאטש דער פרעמדער וועט איהם ביי א געהעריגער געלעגענהייט בעדאנקען מיט שטיינער אונ אייזערנע דראנגעס...

עס זענען אבער פאראן פיעל ארבייטען, וואס יודען האבען זיך ביז איצט אויף זיי גאנץ וועניג ארומגעזעהען, ארבייטען וואס קענען געבען פרנסה בכבוד, ווען ניט טויזענטער פאמיליעס, וועניג־סטענס צעהנדליגער אדער הונדערטער. אויף צוויי אזעלכע פראפעסיעס ווילען מיר אין אונזער איצטיגען ארטיקעל אויפמערקזאם מאכען.

די ערשטע פראפעסיע איז חראמא־ליטאגראפיע, ד"ה ליטאגראפיע אין פיעל פארבען. מיר האבען היינט פיעל יודישע ליטאגראפישע דרוקען, אבער ארבייטער, וואס זאלען מאכען די ליטאגראפישע ארבייט, זענען פון יודען גאנץ וועניג, אונ די עטליכע, וואס בעשעפ־טיגען זיך יא מיט דעם, קענען די ארבייט נאר אויבערפלעכליך, זענען "פושערס", אונ דאדורך פארדיענען זיי אויך גאנץ וועניג. גוטע חראמא־ליטאגראפען זענען צווישען יודען כמעט גאר אין גאנצען ניטא.

אין אזא שטאדט, למשל, ווי ווארשא, קענען מיר נאר איין איינציגען יודען, וועלכער האט (געגען דעם ווילען פון זיינע עלטערן), געלערענט פריהער אין "א ריסאוואלנע שולע", נאכדעם פראקטיצירט אונ אויסגעלערענט די חראמא־ליטאגראפיע גרינדליך אונ איצט פארדיענט ער יעדען חודש איבער צווייהונדערט רובל. פיעל ארבייט מוז ער אבזאגען, ווייל ער האט מעהר קיין צייט ניט.

אויף האלצשניצעריי איז א פראפעסיע, וואס יודען פערנאכ־

---

מיט איהם באקענען, אונ זיין חשבון איז געוועזען איין אמת'ער חשבון.

צירעלי, וואס איז געזעסען איינע אליין ווי אין געפענגעניש, מע האט נישט צוגעלאזט צו איהר קיינעם, אז זי האט דערהערט, אז א מאזעפעווקער יונגערמאן איז געקומען אין מאנאסטיר אריין אנגעמען דעם נייעם גלויבען, האט זי ראשית זעהר געוואלט וויסען ווער איז דער יונג? אונ אגב האט זיך איהר געוואלט אפנעמען א גרוס פון דערהיים, פון איהרע אייגענע, וואס דאס הארץ האט איהר ניט אויפגעהערט צו זיי ציהען; אונ ווי ווייט איבערראשט איז זי געוועזען, אז זי האט דער־זעהען פאר זיך מאשקעלי גנב!

צירעלי האט איהם גוט געקענט, ווארום ווער קען ניט מאשקעלי גנב אין מאזעפעווקע? אונ זי האט ניט פארשטאנען וועלכם האט איהם געקאנט ברענגען אהער צוטראגען, אזא פרייפייגעלי ווי ער איז, וואס ער קאן טאן וואס ער וויל אונ וואס זיין הארץ גליסט? זי האט זיך ניט געשעמט, אליין צוגעגאנגען צו איהם אונ געפרעגט וואס זאל דאס בעדייטען?

האט זיך מאשקע פאר איהר מודה ומתודה געוועזען, איהר אויס־דערצעהלט זיין גאנץ ביטער הארץ, אזוי ווי ביי די יודען איז ער א לא יבא בקהל, קיינער וויל מיט איהם ניט האבען קיין מגע ומשא, אונ אזוי ווייטער, פונקט דאס אייגענע וואס ער האט געזאגט פאר'ן עלסטען, אונ האט אויסגעלאזט מיט א זיפץ, חאטש ס'איז איהם געוועזען זעהר שווער צו געהן אהער, נאר דאס לעבען איז איהם אבער געוועזען אזוי ביטער, אזוי ביטער;...

האט אויף איהם צירעלי שטארק רחמנות געהאט, איהם געטרייסט, אונ אויסדערצעהלט פאר איהם אויך איהרע צרות, ווי אזוי זי האט זיך אויך לאנג געראנגעלט מיט זיך אליין, ביז זי האט געפועל'ט ביי זיך אוועקווארפען טאטע אונ מאמע, שוועסטער אונ ברידער, וואס סע טוט איהר וועה דאס הארץ אויף זיי אונ קאן זיי גאר ניט העלפען! "ס'איז א פארפאלענע זאך, האט זי אויסגעקלאזט, א פארפאלענע זאך, ווארום תיכף נאך זייער יום טוב"...

ביי די ווערטער "זייער" יום טוב האט זיך צירעלי פארחאפט אונ געווארען רויט ווי פייער, זיך אפגעזעגענט מיט מאשקען ביז מארגען, מארגען וועלען זיי זיך מסתמא זעהען נאך אמאל אין מאנאסטירסקי הויף.

— אדער אפשר אין גארטען? — האט ער איהר געענפערט.

— אדער אפשר אין גארטען — האט איהם צירעלי נאכגעזאגט.

---

## קאפיטעל יא.

## א שפאציר אין מאנאסטירסקי גארטען.

זינט מאשקע גערעדט זיך פאר א מענשען האט זיך איהם נאך

לעסינגען. די קריסטען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט דעם, לעבען אלע זעהר אנשטענדיג. קיין יודען קאנקורירען גיט מיט זיי. אבוואהל די יודען וואלטען גאר ניט געברויכט קאנקורירען, ווייל ס'איז דא גענוג ארבייט פאר יעדען...

מיר האבען גאר דערמאנט, אלס ביישפיל, צוויי איידעלע מלאכות. געוויס איז פאראן נאך פיעל אנדערע מלאכות, פון וועלכע פיעל אונזערע ברידער וואלטען געקאנט גאנץ אנשטענדיג לעבען. עס איז דארום א היילינער חוב אויף אלע, וואס ווייסען פון א זאלכע ארבייטען, אז זיי זאלען ארויסזאגען זייער מיינונג.

יעצט זענען שוין אלע מודה אויף דעם אלטען שפריכווארט „מלאכה איז מלוכה", מיר בעדארפען גאר זעהען, אז אויף איין מלאכה זאלען זיך ניט אנווארפען צו פיעל און אנדערע זאל מען אין גאנצען פארגעסען...

י. ח. זאגאראדסקי.

---

# צווישען אונז גערעדט.

אלע יודישע צייטונגען זענען פול מיט נדבות פאר „קישינוב". א פאר רוסישע צייטונגען זענען אויך פול מיט נדבות פאר קישינוב. אין עסטרייך, דייטשלאנד, ענגלאנד און אמעריקא קלויבט מען געלד פאר קישינוב.

אין „הצפירה" האט מען צוגעשיקט ביז איצטער שוין מעהר ווי צוואנציג טויזענט רובל, „וואסחאד" און „נאוואסטי" אויך אזוינע סומען. דער קישינובער קאמיטעט בעקומט געלד פון אלע עקען וועלט, עס געבען אויף קישינוב געלד ניט נאר יודען, נאר יעדער מענש, וואס דערהערט נאר וועגען דעם גרויסען אומגליק, וואס די קישינובער יודען האט געטראפען.

און דער עולם לייענט יעדען טאג אין די צייטונגען די פיעל נדבות „אויף קישינוב" און ביים עולם אין דער פאנטאזיע רעכענט זיך אויס, אז אויף קישינוב וועט זיך אנקלויבען מיליאנען...

דער יודישער עולם קוועלט, וואס די פאראומגליקליכטע קישינובער יודען וועלען ווערען גבירים, און דער ניט יודישער עולם ווינקט אויף יודען: אט וואס פאר איין אחדות צווישען יודען איז, עס האט זיך ביי זיי געטראפען איין אומגליק שיטען זיך מיליאנען... אט וואס פאר א רייך פאלק יודען זענען"!...

און אלע טאג ווערד אין דער פאנטאזיע פון דעם עולם בעשאפען נייע געשענקטע מיליאנען מיט טויזענטער, ווי למשל דער האלבער מיליאן דאלאר, וואס די שטאדט ניו-יארק אליין האט געגעבען, און די 15 טויזענט רובל, וואס גראף טאלסטאי האט געשענקט א. ד. ג. דערנאך האט זיך אויסגעוויזען, אז עס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען.

איבערהויפט הער איך אפט רעדען וועגען די מיליאנען פאר קישינוב צווישען יודישען עולם.

— פון אזוי פיעל געלד וועלען די קישינובער פאראומגליקליכטע יודען ווערען רייכער פון די ניט פאראומגליקליכטע.

— מיליאנען, מיליאנען וועט זיך צונויפקלויבען פאר קישינוב.

אזוינע ווערטער האב איך אין דער לעצטער צייט געהערט אומעטום צווישען יודישען עולם.

דאס אלעס ווייזט ווי ווייניג דער עולם ווייסט און פארשטעהט דאס גרויסקייט און שרעקליכקייט פון דעם אומגליק אין קישינוב. — די מיליאנען, וואס דער עולם שטעלט זיך פאר אין דער פאנטאזיע, לייענענדיג די נדבות אין די צייטונגען, קאנען ניט גאר ניט שטעלען די קישינובער פאראומגליקליכטע יודען אויף זייער פריהערדיגען שטאנד, גאר אפילו ניט מיט 50 פראצענט ווינציגער.

פארשטעהט זיך אז איך רעד דא ניט וועגען דעם, אז מען קאן פאר מיליאנען ניט אומקערען די אומגליקליכע יתומים זייערע דערהרג'עטע עלטערן, די אלמנות זייערע מאנען א. ד. ג.

איך מיין דא גאנץ פראסט, אז מיט די נדבות זאל מען די פאראומגליקליכטע שטעלען אין זייער פריהערדיגען שטאנד, זיי

---

ניט געטראפען, ער זאל א גאנצע נאכט אזוי ניט שלאפען און זיין אין אזעלכע פחדים. מאשקע האט שוין געפרובט שפרינגען רייטענדיג צעהן מייל אין איין נאכט אהן איין אפשטעל; ער האט שוין געפרובט „פלייטעווען" מיט „אפגעשפיליעטע" פערד, הערען אונטער די פלייצים ווי מע שיסט אויף איהם; ער האט שוין געפרובט שפרינגען איבער פלויטען, שווימען איבער וואסערען, שטעהן ביי דער גרעסטע סכנה; נאר אזא נאכט ווי אין מאנאסטיר האט ער נאך נישט געהאט קיין מאל אויף זיין לעבען. ווי א לייב אין שטייג האט ער ארומגעשפאנט הין און צוריק איבער'ן חדר'ל, געקוקט אלע מאל אין פענסטער, גע־וואלט ס'זאל שוין ווערען טאג. און אז נאט האט געהאלפען ס'איז געווארען טאג, האט מאשקע נעגעבען צו וויסען, אז ער געהט אין שטארט אריין אויף איין שעה צייט אכטונג געבען, וואס טהוען די פערדלעך זיינע, און עס האט טאקי מעהר נישט געדויערט ווי איין שעה, איז ער צוריק געקומען א פארסאפעטער, ווי א מענש וואס האט נאר וואס אפגעטהאן זעהר א שווערע ארבייט. די מאנאכעם פון מאנאסטיר האבען זיך געוואונדערט, וואס די הענט זענען ביי איהם אזוי צעדראפעט, גלייך ווי ער וואלט געשפרונגען איבער א פלויט... האט ער זיי בא־רוהיגט, געזאגט, אז ער האט זיך געפארעט מיט די פערד, און איז איינגעגאנגען צום עלטסטען תשובה טהון...

ביי טאג, ווען די מאנאכעם עסען אפ און לענען זיך שלאפען אדער זיי נעמען זיך צו איין ארבייט און דער גאנצער מאנאסטיר רוהט, מע זעהט ניט קיין פרעמדע מענשען, קיין דאוונערס, קיין בעטלערס, פלעגט צירעלי ארויסגעהן אויפ'ן הויף אביסל, שפאנען פון איין עק צום אנדערען, אהן א שום ציעל, נאר גלאט אזוי „אויפ'ן שפאציער". איצטיגס מאל האט זיך צירעלי ארומגעקוקט אויף אלע זייטען, געזוכט עמיצען מיט די אויגען, און זי האט דערזעהען פון דערווייטען מאשקע שפאנט מיט זיינע גרויסע פיס, האט זי זיך אפגעשטעלט מיט א פריינדליך שמייכעלי, וואס ביי מאשקען האט זיך דערפון אנגעצינדען א פייער אין הארצען, א העליש פייער, נאר ער האט זיך איינגעהאלטען ווי ווייט מעגליך, צוגעגאנגען און אנידערגעזעצט זיך אויף איין אויסגע־האקטען בוים, וואס איז געלעגען אין הויף.

— קום, וואס וועלען מיר זיצען? האט זיך אנגערופען צו איהם צירעלי.

— וואוהי'ן?

— איבער'ן הויף.

— אפשר אין גארטען?

צירעלי האט זיך אפגעשטעלט אויף א ווייל, א טראכט געטהאן און געזאגט צו איהם:

— אין גארטען? — אין גארטען.

דער מאנאסטירסקי גארטען אין מאזעפעווקע דאס איז א מין

זאלען האבען א שטיבל, נייטיגע בעל הביתישקייט און זיך מעהר אדער ווייניגער קאנען פארדינען די טעגליכע לעבענס־מיטעל.

דער עולם מיינט, אז אפילו מיט די נדבות, וואס זענען ביז איצטער געגעבען געווארען פאר קישינוב, איז גענוג צו שטעלען די פאראומגליקליכטע יודען אין זייער פריהריגען שטאנד, און דעריבער ווערד וואס ווייטער דעם עולם קעלטער צו העלפען זייערע קישינובער פאראומגליקליכטע ברידער, ווייל זיי זענען ביי זיך זיכער, אז זיי האבען זייער חוב שוין געטאן, וואס זיי האבען אין קישינובער קאמיטעט אדער אין די רעדאקציעס אריינגעשיקט יעדער נאך זיין שטאנד א „שענע נדבה“.

אזוי מיינט דעם עולם, נאר ער האט א גרויסען טעות. דער טעות נעמט זיך דערפון, וואס יעדער פון דעם געוויינטליכען עולם, וועלכער אינטערעסירט זיך פאר די פאראומגליקליכטע יודען, מאכט ביי זיך אזא חשבון:

— זאל זיין למשל, אז מען האט צעראביערט 800 פאמיליעס, חשבונ'ט א בעל הבית, א סוחר פון דעם פריהער דערמאנטען עולם, און אויסער א פאר פארמעגליכע, איז דאס רוב געוועזען קליינע סוחרימלעך, בעלי־מלאכות א. ד. ג. אזא יודישע פאמיליע, מען זאל קויפען פאר זיי נייע מעבעל, קליידער און צוריק אויפשטעלען זייערע געשעפטען, פון וועלכע זיי האבען געצויגען זייער פרנסה, ווי למשל דעם סוחר זיין קרעמעל, דעם מארק־מענש די עטליכע רובל אויף צו האנדלען אויף דעם מארק, דעם בעל מלאכה זיינע ווערק־צייג, איז איבער גענוג צו 1000 רובל אויף א פאמיליע.

דער דאזיגער יודישער בעל־חשבון, שאצט דאס אזוי אב פון זיך זעלבסט און פון זיינע בעקאנטע יודישע פאמיליעס, וועלכע רעכענען זיך פאר מיטעלע בעל הבתים און דאס פארמעגען פון אזא בעל הבית, ד. ה. די ווערט פון בעל הביתישקייט ביי אזא יודישע פאמיליע, צוזאמען מיט דעם קאפיטאל, וואס ליגט אין געשעפט, איז מעהר ניט ווערט ווי 1000 רובל.

— הלואי זאגט אזא מין בעל חשבון, וואלט דאס פארמעגען פון יעדע יודישע פאמיליע צוזאמען מיט זייער הויז בעל הביתישקייט און מיט דעם קאפיטאל אין געשעפט אנגעטראפען 1000 רובל, דאס רוב אבער יודישע בעלי הבתים, פארמאגען דאס אויך ניט און אלעס וואס זיי פארמאגען זענען זיי מעהר בעל חוב.

און אזוי, חשבונ'ט ווידער דער בעל חשבון, אז ווען מען זאל די 800 פאראומגליקליכטע פאמיליעס געבען צו 1000 רובל, טרעפט אן דאס א גלייכער חשבון 800,000 רובל און איין מיליאן רובל וועט געווים זיך צוזאמענקלויבען פון די נדבות, וועט נאך בלייבען 200,000 רובל...

איין אנדערער יוד א בעל מלאכה, וואס האט אויך געגעבען א „שענע נדבה“ און אינטערעסירט זיך אויך מיט דער ווייטערדיגע לאגע פון זיינע קישינוב'ער פאראומגליקליכטע ברידער, קאן ניט פיהרען קיין גרויסע חשבונות מיט גרויסע לאנגע ציפערען פון הונדערט טויזענטער אדער מיליאנען, ווי דער ערשטער יוד דער סוחר און ער מאכט זיך דעם דאזיגען קליינעם חשבון:

— איך בין מיר, זאגט ער, א שניידער, איך וואהן מיר אין צוויי צימערלעך מיט א קיך, מיין גאנץ מעבעל באטרעפט 125 רובל, מיינע קליידער און וועש, וואס איך מיט ווייב און קינדערלעך טראגען און דאס בעטגעוואנט טרעפט אן בערך 2'0 רובל, איך פארמאג דריי זינגער'ס מאשינען, פאר וועלכע איך האב אליין בעצאהלט 160 רובל. צוזאמען טרעפט אן 485. נאר שטעלט אייך פאר, אז ביי מיר אין שטוב וועט זיך נאך געפינען בעל־הבית'ישקייט, דאס, יענץ — נאך פאר א הונדערטער, האט איהר אייך א סך הכל פון 58 רובל. היינט שטעלט אייך פאר ווען חס־ושלום, אז מען האט מיין גאנץ בעל־הבית'ישקייט צעראבירט, די פעדערען ארויסגעלאזט, זינגער'ס מאשינען מיט מיין מעבעל צעבראכען... נו אז דער „קאמיטעט“ גיט מיר 6(0 רובל האב איך מיר צוריק אלעס ווי פריהער... דער זעלבער בעל־הבית...

אט אזוינע חשבונות מאכט דער עולם, ווי אזוי מען קאן גרינג

---

פעסטונג, וואס פון דרויסען איז שווער אהינצו צו אריינקומען. פון איין זייט, וואס נעהט צו דער שטאדט, איז ער געצאמט מיט א הויכען שטיינערנעם פארקאן באוואכסען מיט בלעטער, און פון דער אנדערער זייט, וואס אונטער דער שטאדט, איז ער א חוץ ארומגעגראבען מיט א קאנאווע און באוואכסען מיט שטעכעלקים. דער גארטען א־יין איז איינע פון די גרויסע חדושים, א מין „גן־עדן־התחתון“ ווי מע זאגט אין מאזעפעווקע. חאטש קיינער פון די מאזעפעווקער יודען האט דארטען אינוויינינג נאך ניט געהאט די זכיה צו זיין. דאס איינציגע וואס די מאזעפעווקער יודען האבען פון איהם, איז נאר דאס וואס זומער שמעקען זיי זיך אן דעם ריח פון די ביימער, וואס דאס ווינטעלי פארטראגט צו זיי, און הערען זיך אן דאס זינגען פונ'ם סאלאוויי, וואס לאזט זיך הערען פון דארטען אין די ווארעמע זומערנעכט.

פסח צייט. עס האט זיך נאר וואס אויפגעהאפט די וועסנע; עס האט נאר וואס אויפגעלעבט די נאטור; עס איז נאך ניט געווען רעכט גרין די ערד, און די ביימער פונ'ם מאנאסטירסקי גארטען האבען נאר וואס אנגעהויבען ארויסלאזען נעלע פטומ'לעך, וואס אט־אט לאז נאר גוט א ווארעם טהון די זון, צענעמען זיי זיך און באווייזען זיך ארום מיט קליינע גרינע בלעטלעך. פריש, מחיה'דיג פריש האט געשמעקט די ערד, נאך ניט רעכט אויסגעטרוקענט, ערטערווייז צוגערעקט שוין מיט גרינעם סאמעט, און עטליכע פייגעלעך האבען זיך ארומגעדרעהט צווישען די צווייגען, געשפרונגען פון איין בוים אויפ'ן אנדערען, זיך אפגעשטעלט, אנגעשפארט די פיסקעלעך, געבלינצעלט מיט די אייגעלעך, געפישטשעט שטילערהייד, זיך אנגעזאגט איינס דאס אנדערע א בשורה, אז סע געהט צו זומער.

אין אזא צייט גליסט זיך נאך מעהר אין דרויסען ווי אין רעכטען זומער. אין אזא צייט איז די שיין פון דער זון שטארק אנגענעם, איטליכער שטראהל איהרער איז א מתנה פון גאט, און דער מענש פיהלט, אז ער האט עפים א שייכות מיט דער ערד און מיט אלץ וואס סע טהוט זיך אויף דער ערד און מיט דער גאנצער גרויסער וועלט און מיט דעם וואס האט באשאפען די דאזיגע גרויסע וועלט.

ביידע, אי צירעלי אי מאשקע, זענען נעגאנגען שטיל, פארטיפט איטליכער אין זיינע מחשבות, איבערגעגעבען איטליכער צו זיינע געפיהלען. ביידע, אי צירעלי אי מאשקע, זענען געווען אין די עולמות העליונים, אינ'ם גן עדן, וואס זיין נאמען איז „ליבע“, דאס איז געווען יענע ליבע, וואס פרעגט ניט קיין קשיות, וואס ווייסט ניט קיין איבערשלאג, וואס דארף ניט קיין פירוש. דאס איז געווען יענע ליבע וואס רייסט אייזערנע קייטען, וואס ברעכט שטארקע מויערען, וואס צעשיידט די נאהנסטע און בינדט צונויף די ווייטסטע. דאס איז געווען יענע ליבע, וואס טוט מעשים אשר לא יעשו ...

---

העלפען די קישינוב'ער פאראומגליקליכטע יודען, פארגעסענדיג דערביי, אז אפילו דעם סוחר'ל זאל מען צוריק שטעלען זיין בעל-הבית'ישקייט און אריינלעגען דעם געוויסען קאפיטאל אין זיין מסחר, און אויך ווען מען זאל דעם בעל-מלאכה אלעס צוריק אנידערשטעלען, זיין בעל-הבית'ישקייט ווי פריהער צוזאמען מיט דריי נייע „זינגער'ס מאשינען" דארף אוועקגעהן ווער ווייסט וויפיעל צייט, ביז דער סוחר'ל זאל האבען ביי וועמען עפּיס צו פארדינען און דער בעל-מלאכה זאל האבען ארבייט.

צו פארדינען, אנצוהייבען ארבייט, קאן מען נאר האפען אין דעם ארט, וואו דאס לעבען געהט מעהר אדער וועניגער נארמאלנע. אבער ניט אזוי גיך קאן דאס זיין אין דער אומגליקליכער שטאדט קישינוב, וואס האט איבערגעלעבט אזא שרעקליכען אומגליק.

דא זענען אומגליקליך געווארען ניט נאר די צעראבירטע יודען, נאר אויך די יודישע און קריסטליכע בעלי-הבתים, וועלכע די פאגראמשטשיקעס האבען ניט אנגעריהרט.

נאך אזא שרעקליכען אומגליק פאלט אין גאנצען דער מסחר, עס איז ניט דא וועמען צו פארקויפען, ביי וועמען צו פארדינען, קיינער ברויכט ניט צו קויפען, אפילו דער וואס איז אין שטאנד צו קויפען, זאגט זיך אויך אב אין דער שלעכטער צייט פון אלעם און דערפאר האבען בעלי-מלאכות קיין שום ארבייט ניט און ווי דער סוחר'ל אזוי דער בעל-מלאכה מוזען פארקויפען אלעס וואס איז נאר מעגליך צו פארקויפען פון בעל-הבית'ישקייט, כדי האבען דערוויל דעם טאג איבערצולעבען אום ניט צו שטארבען פאר הונגער.

היינט בערעכענט נאר וויפיעל, וויפיעל דארף מען באמת האבען ביז די צעראבירטע און ניט די צעראבירטע בעלי-הבתים דארפען האבען ביז דער מסחר זאל ווידער זיך אנהויבען אין קישינוב.

דא שמעקט באמת מיט מיליאנען און ניט מיט איין מיליאן רובל!

ביי אזא אומגליק האט קיינער ניט דאס רעכט זיין געוויסען בערוהיגען מיט דער „שענער נדבה", וואס יעדער האט נאך זיין שטאנד געגעבען, דא דארף יעדער פון אונז ניט אויפהערען צו געבען און צו געבען און ניט קוקען דערויף ווי אויף נדבות, נאר אזוי ווי מיר דארפען העלפען אונזערע באמת אייגענע ברידער, אייגענע שוועסטער און אייגענע קינדער, ווייל דער אומגליק, וואס האט געטראפען די קישינוב'ער יודען, איז אונזער אייגענער אומגליק, דאס דארפען מיר שטענדיג געדענקען און אויף א מינוט ניט פארגעסען און ווען מיר וועלען אויף אזא אופן קוקען אויף דעם קישינוב'ער אומגליק, וועלען מיר טאקי סוף כל סוף קענען העלפען אונזערע פאראומגליקליכטע ברידער.

אז מיר וועלען אזוי טון און אזוי זיך אויפפיהרען קענען אינזערע פאראומגליקליכטע ברידער, אט דענסטמאל וועלען מיר יודען קאנען מיט שטאלץ זאגען, אז מיר זענען א פאלק, א פאלק וואס לעבט, א פאלק וואס קאן זיך זעלבסט העלפען ווען עס קומט א כלל-צרה.

און ווען מיר וועלען דאס דערווייזען, קאן מען האפען, אז אזא פאלק וועט אין שטאנד זיין אלע צרות איבערלעבען און בעסערע צייטען צו דערלעבען.

מ. חיות.

---

## זאנגווילס רעדע

### אויף דעם ציוניסטען-טאג אין לאנדאן.

(פארטזעצונג.)

איך האף אז אין די קומענדיגע צייט וועט לארד ראטהשילד העלפען זיין פאלק זיך אליין צו העלפען. איך בין אין דער פרעמדען קאמיסיאן נישט מעהר ווי איין שעה געוועזען, אבער מיר זענען געבליבען אין זכרון צוויי בילדער, וואס איך וועל עס נישט פארגעסען אזוי לאנג ווי איך וועל לעבען: איינס די הינטערשטע זייט פון קאפ ביי א יודישען ארבייטער, וועלכער האט פראטעסטירט געגען די איינוואנדערונג פון נאך יודען, זיינע ביידע גרויסע אויערען, וואס זענען ווייט אפגעבויגען געוועזען פון קאפ; ד. ס אנדערע בילד איז די הינ-

---

קאפיטעל יב.

### היהנער לעגען אייער, יודישע טעכטער קינדלען.

אויסגעוואקסען אין אזא שטוב ווי ביי חיים חסיד, אונטער דער השגחה פון א פרומען טאטען און פון איין ערליכע מאמע, און געזעהען פאר זיך וואס פאר א לעבען איהרע עלטערע שוועסטער האבען געמאכט, וואס פאר מאנען מע האט זיי געגעבען, איינער נארישער פונ'ם אנדערען, האט צירעלי תמיד געחלומ'ט פון איין אנדער מין לעבען. איהר השגה איז געוועזען נישט די וואס ביי איהרע עלטערע שוועסטער, וואס זייער גאנץ לעבען איז געוועזען נאר טראגען און האבען און זויגען, און נאך אמאל טראגען, און ווידער אמאל האבען, און אבער אמאל זויגען. קיין פרייע מינוט, קיין לעבעדיגע שעה, נאר געדענקען די ווערטער „לעשות רצון בעלה" — טון דעם מאנס ווילען...

ניט איין מאל פלעג זיך צירעלי פארטראכטען אויף דער דאליע פון א יודישער טאכטער, וואס האט אויסגעזעהען ביי איהר אין די אויגען ווי די דאליע פון א הוהן א קוואקע, וואס זיצט אויף די אייער, ווארעמט זיי אויס ביז סע פוקען זיך אויס היהנדעלעך; נאכדעם הייבט זי אן ווידער קוואקען, טראגען פרישע אייער און אזוי ווייטער און ווייטער...

אויב עס וועט אייך ניט זשענירען דאס פארגלייכען, בעדארף איך אייך זאגען, אז ביי חיים חסיד איז געוועזען א שטוב פון גאלע קוואקעס, א פאבריקע פון קינדער. אלע טעכטער האבען חתונה געהאט יונגערהייד, איינע נאך דער אנדערער. פאר זיידענע יונגע לייט, שענע איידעמלעך, געזעסען אויף קעסט און געקינדערלט, און חיים'ס ווייב אליין, וואס איז נאך געוועזען ניט קיין אלטע יודינע, האט אויך געהאלטען אין רעכטען קינדלען, אזוי אז צום טיש זענען געגאנגען תמיד עטליכע מאמעס זויגערינס. פון די וויגעלעך האט זיך תמיד געלאזט הערען א פישטשען פון עטליכע פיסקליאטעס. מע קאן זאגען, אז ס'איז כמעט ניט געוועזען דער חודש, אז ביי חיים חסיד זאל ניט זיין עפּיס א שמחה: א מזל-טוב, א בן-זכר, א ברית, א פדיון הבן, אדער איין אומגליק: דאס קינד מאזעלט, יענק גליהט אויף פאקען, דאס האט דיפטעריט, יענץ סקארלאטינע, און די מוטערס האבען געהאט צו טהון טאג ווי נאכט, די מיט א שווער טראגען, די מיט א ברוסט, די מיט איין אס, וואס האט אוועקגעווארפען אין מיטען זויגען, די מיט א ניאנקע, וואס האט שיער ניט געמאכט דאס קינד פאר א קאליקע — א שטענדיגער טארעראם, א טומעל, א הו-הא.

אין דעם דאזיגען טומעל איז געקומען רב שלום-שכנ'ס רעדען א שדוך דער יונגסטער פון די טעכטער, צירעלי, און צירעלי האט אויסגעהערט דעם גאנצען שמועס פון רב שלום שכנ, אז ער רעדט איהר א שדוך אויף דעם שניט פון יענע פריהעריגע שדוכים, א „טאטענס א

מערשטע זייט פון לארד ראטהשילד'ס ראק, וועלכע איז אין טויזענט קנייטשען געוועזען צונויפגעלעגט. איך האב צו זיך אליין געזאגט: „דא זעהסט דו ענטוועדער א שלעכטען ראק אדער א גוטען מענשען, וואס איז פארזארגט וועגען די ארעמע לייט פון זיין פאלק". און אזוי ווי לארד ראטהשילד האט כח צו בעצאהלען א גוטען שניידער, איז מסתמא דא דער אנדערער פאל, דאס הייסט עס זיצט דא א גוטער מענש, וועלכער איז וועגען דעם אומגליק פון זיינע ברידער שטארק אויפגערעגט און דעריבער איז זיין ראק אין טויזענט קנייטשען צונויפגעלעגט. אין דער פרעמדען־קאמיסיאן, וואו דער לארד איז אזוי אפט געקומען, האט ער געהאט געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט אונזער אנפיהרער ד"ר טהעאדאר הערצל, און איך גלויב נישט, אז דאס צוזאמענטרעפען פון אזוינע צוויי גרויסע מענער, וועלכע ליבען אזוי שטארק זייער פאלק, זאל גאר נישט אויפטון. מיר דארפען נאר איינער דעם אנדערען גוט פארשטעהן, כדי צוזאמען צו ארבייטען פאר אונזער פאלק.

ווען איך האב פאריגעס מאל אין דיזען זאל גערעדט, האב איך זעהר שארף קריטיקירט די פארשטעהער פון באראן הירש'ענס פאנד, און היינט וועל איך זיי מסתמא אויך ניט שאהנען; אבער איך האב זיי קיינמאל נישט געהאלטען פאר קיין שונאי ישראל, חס ושלום, איך האב זיי נאר געהאלטען פאר איינגעשפארטע פאטריאטישע יודען, וועלכע בלאנדזשען ארום אין דער פינסטער אהן א פאליטישע אויסרעכנונג. דאס קומט אלץ ארויס דערפון, ווייל אין אונזער גאנצען גלות לעבען האבען מיר נישט געפיהרט קיין יודיש־פאליטיש לעבען. שטענדיג זענען אונזערע אנפיהרער געוועזען נישט קיין פאליטישע מענשען, נאר גוטע מענשען און מיר זענען שוין אזוי געוואהנט געווארען, אז גוטע מענשען זאלען זיין אונזערע אנפיהרער, אז מיר האבען גאר פארגעסען צו פרעגען, אויב מען קאן פיהרען די אינטערעסען פון א גאנץ פאלק אהן מענשען, וואס פארשטעהען גוט פאליטיק. עס קאן זעהר זיין, אז מחמת דעם וואס מיר האבען אזוי פיעל יאהרהונדערטען נאך אנאנד נאר גוטע מענשען און רבנים, וואס קאנען א סך לערנען געמאכט פאר אונזערע פארשטעהער, זענען אונזערע טרערען און אונזער בלוט טייכען־ווייז פארגאסען געווארען. די וועלט זאגט א שפריכווארט, אז קלוגע מענשען פארברענגען זייער צייט אויסצובעסערען די פעהלער וואס גוטע מענשען האבען געטאן. פאריגעס יאהר האט אונזערער א גוטער פריינד, וועלכער איז געוואהנליך אי גוט אי קלוג, אין דיזען זאל מיך געטאדעלט, דערפאר וואס איך האב קריטיקירט די פארשטעהער פון באראן הירשענס פאנד. זיי זענען דאך אזוינע גוטע מענשען! זיי האבען נאר געטאן, ווי עס איז געשריבען אין די תקנות פון באראן הירש. ווי האלט עס איצט דערמיט? נאר איין איינציג יודיש בלאט און אמעריקא און אפשר נאר אין דער גאנצער וועלט געפינט צו זאגען א גוטווארט פאר „יק"א". ה' עלקאן אדלער האט ביי דער „אגודת אחים" אנגערופען די געשיכטע פון „יק"א" א פארדרעהעניש פון אנהויב ביז צום סוף. אפילו ד"ר גאסטער בכבודו ובעצמו קאן זיי נישט פארענטפערען. היינט הייבט שוין אן די גאנצע וועלט צו פרעגען, וואס איז אייגענטליך פון דעם געלד געווארען? פאריגעס יאהר האב איך כמעט נאר איינער אליין דאס געטענה'ט, היינט טענה'ט דאס שוין די „יק"א" גופא, דען זי איז געגאנגען אין דעם לארד־הויז און געזאגט: „זייט אונז מוחל אונזערע זינד און ערלויבט אונז אין די קומענדיגע צייט עס ווידער צו טון!" די דאזיגע פארלאגע פאר די לארדען איז דער בעסטער בעווייז, ווי ווייט נישט ריכטיג די יק"א האנדעלט. יק"א, וועלכע איז נישט צופרידען געוועזען דערמיט, וואס איך האב אפען ארויסגעזאגט, אז זי האנדעלט נישט ריכטיג, האט לפנים די זאך איבערגעגעבען צום סיר עדוארד פריי, ער זאל זאגען זיין אורטייל איבער זיי, און וואס האט פריי אויפגעטאן? ער האט זיי געזאגט דאס איינענע וואס איך. ער האט זיי געזאגט, אז די „יק"א" איז א געזעלשאפט פאר די יודישע קאלאניזאציע. די פארשטעהער האבען דאס רעכט אויסצוגעבען דאס געלד נאר אויף קאלאניזאציע אין אויסלאנד אבער נישט אויסצוגעבען אויף שולען, פאבריקען וכדומה אין

---

„קינד" פון א שען ארט, א לייטישען שדוך, און עס האט זיך איהר פארגעשטעלט, אז מע האט איהר שוין נעגעבען אזא מאן ווי איהרע עלטערע שוועסטער, כמו ווי א מין אלי־נח, א שענער בעל־לשון און בעל־תנ"ך מיט א זיידענעם קאשקעט אין דערוואכען, און שנייצט די נאז בריה'ש מיט איין פינגער, און זי האט שוין חתונה געהאט פאר איהם, און זי האט שוין אנגעהויבען קינדלעך, און זי האט שוין צו טהון מיט דער ברוסט, מיט דער אם און מיט דער ניאנקע — און ס'איז איהר נמאס געווארען די וועלט, דאס לעבען און די מענשען, און זי האט זיך נעגעבען דאס ווארט, אז זי וועט אזוי ניט חתונה האבען ווי איהרע שוועסטער האבען חתונה געהאט; זי וועט אנדערש אויפבויען איהר לעבען. ווי אזוי? — דאס האט זי נאך אליין נישט געוואוסט אקוראט.

סאמע אין יענער צייט האט זי זיך באקענט מיט'ן נייעם אקציזנע טשינאווניק, מאקסים טשובינסקי. —

## קאפיטעל יג.

## רעדט פון פילאזאפיע, פון ליבע און פון נאך זאכען.

דער נייער אקציזניק, מאקסים טשובינסקי, אז ער איז אנגעקומען קיין מאזעפעווקע, האט ער געוויינטליך געמאכט א וויזיט דער „היימאווא" אין קעלער, פארזוכט חיים'ס „ווימאראזינ", וואס איז געמאכט פון ראזינקעס, וואס אלע ארונים ווייסען דאס גאנץ גוט און פו דעסטוועגען טרינקען זיי איהם זעהר גערן און זאגען, אז ער איז גאר ניט שלעכט: בפרט אז דעם „ווימאראזינ" דערלאנגט איינע פון חיימאוואס טעכטער, ובפרט נאך די יונגסטע פון זיי, צירעלי, אדער ווי די ארונים האבען איהר א נאמען געגעבען „פאננא צעציליא".

„פאננא צעציליא" איז געווען ביי איטליכען פון זיי א גדלות אז זי האט דערלאנגט צום טיש, און ס'איז געווען לאו כל אדם זוכה, אז „פאננא צעציליא" זאל דערלאנגען דאס ביסעל וויין. און מחמת טשובינסקי איז געווען א נייער גאסט און איין אקציזניק, האט די חיימאווא געזעהען, אז צירעלי זאל ניט אפטריטען, באדיענען די געסט ווי סע געהער צו זיין. און צירעלי האט ניט אפגעטראטען און באדיענט די געסט ווי סע געהער צו זיין, און די געסט האבען זיך בארימט פאר'ן נייעם אקציזניק מיט זייער „זשידאוואטשקע", זיך איבערגעווארפען מיט ווערטער, אפנים זעהר קלוגע און זעהר שארפע, מחמת זיי האבען בשעת מעשה עפים משונה געלאכט און איבערגעווינקען זיך איינס מיט דאס אנדערע עפים זעהר מאדנע...

איין טשובינסקי האט ניט געלאכט. פון דער ערשטער מינוט אן, וואס ער האט דערזעהען אט דאס שענע יודיש מיידל, איז ער געווארען פארטראכט, זיך נעבראכען דעם מח, וואו האט ער זי געזעהען?

די לענדער, וואו יודען זענען אונטערדריקט. דערויף האט זיך די „יק"א" געאיילט די זאך פאר דעם פארלאמענט פארצוטראגען, זי האט געבעטען מען זאל איהר ערלויבען צו פארווענדען דאס געלד פון באראן הירש נישט אויף קאלאניזירען, נאר אויף אנדערע פארשידענע צדקות, וויל זיי איז כמעט אונמעגליך צו האנדלען לויט די תקנות פון באראן הירש, וועלכער זאגט, אז מען זאל מיט דעם געלד דורכאוים נאר בעזעצען יודען אין אויסלאנד און גרינדען פאר זיי קאלאניעס.

אבער ווען מען זאל די פארשטעהער ערלויבען אראבצווארפען פון זיך דעם שווערען חוב צו גרינדען קאלאניעס, וועט עס הייסען, אז מען צעשטערט אין גאנצען דעם פלאן פון באראן הירש, און איך האב מיך דעריבער בעמיהט וויפיעל איך האב נאר געקאנט, צו בעווייזען ווי גרויס די סכנה איז. באלד איז טאקי דער אויבען־דערמאנטער פארשלאג פארשוואונדען און עס האט זיך בעוויזען איין אנדער סארט פארשלאג מיט א גאנץ אנדערען נוסח, וועלכען ה' לוסאדא האט איבערגעזעהען און אויסגעבעסערט. אין דעם נייעם פארשלאג האט מען, לפנים, ארויסגעלאזען די פאדערונג, מען זאל זיי ערלויבען דאס געלד אויף עפים אנדערש צו פארווענדען, מען האט שוין אין די פאדערונג, וועלכע מען האט דעם פארלאמענט פארגעטראגען, נישט געזאגט, אז עס איז נישט מעגליך דאס געלד אויסצוגעבען אזוי ווי דער באראן הירש האט איינגעארדענט, נאר אז עס איז זעהר וויכטיג, מען זאל די דאזיגע יודען, וועלכע דארפען אמאל פון זייער לאנד אויסוואנדערען און ווערען קאלאניסטען, צו גרייטען דערצו דורך בילדונג און קענטנים. וואס מען וועט זיי לערנען אין דעם לאנד וואו זיי וואהנען איצט.

איך וויים נישט וועלכער טעם איז דער ריכטיגער, איך וויים נאר, אז ה' לוסאדא איז איין אדוואקאט און אז דער צווייטער טעם איז איינער פון די געראטענסטע מיטלען ווי אזוי דעם אמת צו בעהאלטען, ער איז אזוי קונציג בעמאכט געווארען, אז ער שטימט צוזאמען מיט א פונקט פון די תקנות, אין וועלכען עס הייסט: „מיט דעם געלד פון באראן הירש זאל מען צוגרייטען די אונטערדריקטע יודען צו קענען ווערען קאלאניסטען". דער חלוק צווישען ביידע איז פשוט: באראן הירש האט געוואלט ארויסנעמען די יודען פון די לענדער וואו זיי ווערען אונטערדריקט; זיינע שטעלפארטרעטער, די היינטיגע פארשטעהער פון „יקא" ווילען, אז די יודען זאלען בלייבען אין די לענדער, וואו מען אונטערדריקט זיי און דארטען זאל מען זיי ערציהען, לעהרנען קענטנים און וויסענשאפטען כדי — כדי זיי זאלען פארשטעהן און וויסען ווי טיעף אונגליקליך זיי זענען. די פארשטעהער פון „יקא" מיינען, אז די ערציהונג און נאך אנדערע גלייכע מיטלען, וועלען פארבעסערען די יודישע לאגע אין זייערע ערטער און זיי וועלע: נאר נישט בריוכען אויסצוואנדערען. אבער אנשטאט צו זאגען פשוט: „נישט אויסוואנדערען נאר אויסבעסערען" — די אויסוואנדערונג האט נישט געפיהרט צום צוועק, לאמיר פרובירען צו פארבעסערען די לאגע אין דער היים, דאס וואלט על כל פנים געוועזען ווי עס איז דברים של טעם, ווילען זיי נאר צוויי זאכען, וואס זענען זיך איינס דאס אנדערע סותר, צונויפמישען אין איינעם. זיי ווילען בעווייזען, אז די ערציהונג איז נישט בעשטימט אויסצובעסערען די לאגע אויף איין ארט, נאר צו צוגרייטען צו אויסוואנדערונג. און אט אויף דעם אופן מישט ה' לוסאדא זיינע פראזען וועגען ערציהען קלאסען, וואס זאלען טויגען אויסצוואנדערען און צו ווערען קאלאניסטען. אבער ווער זענען עס די קלאסען? דאס איז די פראסטע מאסע. בכן מעגט איהר גרינדען שולען פאר דאס פאלק, איהר מעגט, למשל, איינפיהרען אין רומעניע א דורכאוים יודישע שול־סיסטעם. און אז אייניגע שילער, וועלכע האבען אין אייערע שולען געלערנט, וועלען אויסוואנדערען, צי וועט דאס קענען הייסען, אז איהר האט זיי צוגעגרייט צום אויסוואנדערען? דער מאיאר עוואנס גארדאן, א מיטגליד פון דער פרעמדען־קאמיסיאן, וועלכער האט געוואלט קענען ריכטיג אורטיילען וועגען דער עמיגראציאן־פראגע, איז אליין געפאהרען אין די לענדער, וואו דארטען ווערען

---

עס האט זיך אייך געטראפען אמאל מהסתם זיך באגעגענען אינטערוועגנס מיט א פארשוין, וואס עס דאכט זיך אייך אוים, אז איהר האט איהם שוין ערגיץ געזעהען, אדער הערען א געדאנק, וואס עס דאכט זיך אייך אוים, אז איהר האט איהם שוין ערגיץ געהערט. נאר ווען און וואו — דאס קאנט איהר בשום אופ'ן נישט דערמאנען זיך. געלעהרטע מענשען זאגען דערויף פארשידענע סברות און מיינונגען, געבען דאס צו פארשטעהן על פי חקירה, אז צווישען מענשען איז פארהאן א מין מאגניט, וואס ציהט איינס צום אנדערען, א מין כח, וואס טרייבט איינס צום אנדערען פון מרחקים, נאך איידער מען האט זיך געזעהען, נאך איידער מע האט געהערט איינס פונ'ם אנדערען. די פילאזאפען האבען ניט וואס צו טון; זיי רעדען אזוי פיעל ביז זיי דעררעדען זיך צו אזעלכע זאכען, ווי אשטיינער דאס וואס ווערד אנגערופען ביי אונז „א זווג". א שענע מעשה — מאקסים טשובינסקי און חיים חסיד'ס טאכטער — א זווג!... נאר לאמיר אוועקווארפען די פילאזאפיע און אומקעהרען זיך צו אונזער ראמאן.

פארהאן א שפראך אויף דער וועלט, וואס האט ניט קיין אלף־בית, קיין גראמאטיקע, קיין לעקסיקאן, קיין ווערטער־בוך. סימפאטיע הייסט די שפראך; נישט מיט'ן מויל, — מיט די אויגען רעדט מען אויף איהר; איין קוק א רעכטער — און פארשטאנען! א קוועטש ביי דער האנט־ און פארטיג.

אויף דער דאזיגער שפראך האבען זיך דורכגעשמועסט צווישען זיך אונזערע העלדען, און אפנים מע האט זיך גיך פארשטאנען איינס דאס אנדערע, ווארום ס'איז ניט אוועקגעגאנגען קיין חודש צייט פון זינט טשובינסקי איז אנגעקומען קיין מאזעפעווקע, האט שוין די פאסט אוועקגעפיהרט פון איהם א בריף צו זיין איינציגען גוטען פריינד, צו זיין מוטער ערגיץ ווייט אין סאראטאווער גובערניע, וואו ער איז זיך פאר איהר מודה ומתודה, דערצעהלט איהר די גאנצע מעשה, ווי אזוי ער האט זיך באגעגענט מיט א יודיש מיידל, וואס ער האט שוין לאנג געטראגען איהר געשטאלט ביי זיך אין הארצען, ווי אזוי ער האט זיך איינגעליבט אין איהר ביז צום שטארבען... ווי אזוי ער האט זיך לאנג געשלאגען מיט'ן יצר־הרע און מיט'ן שטן און האט סוף כל סוף געפועל'ט ביי זיך, ער זאל זיך איהר ענטדעקען, אויס זאגען דעם סוד, אז ער קאן אהן איהר ניט לעבען... ווי אזוי דאס מיידל, אז זי האט דערהערט פון איהם די דאזיגע ווערטער, האט זי אנגעהויבען וויינען און זאגען, אז צום אומגליק קאן פון דעם גאר ניט זיין, געגעבען איהם אנצוהערינס, אז זי איז א יודישע טאכטער... ווי אזוי ער האט זי גענומען טרייסטען און אויסווייזען, אז ס'איז דא זאכען אזעלכע, וואס שטעהען העכער פון אלסדינג אויף דער וועלט, וואס צוליב זיי פארלאזט מען די היים, מע געזעגענט זיך אפ מיט עלטערן, מע בייט אויס אלסדינג, אי די היים, אי דעם נאמען, אי דעם גלויבען... ווי אזוי

יודען מעהר אונטערדריקט, כדי אלץ אליין מיט אייגענע אויגען צו זעהען, נישט ווי די פארשטעהער פון „יקא" וואס זיצען אויף איין ארט. דער דאזיגער מאיאר האט מיר דערצעהלט, אז אומעטום זאגט מען, אז די יודען, וועלכע זענען דורך די „יקא" ערצויגען געווארען וואנדערען נישט אוים און די וועלכע וואנדערען אוים זענען נישט דורך די „יקא" ערצויגען געווארען.

א סך עהרליכער וואלט געוועזען צו זאגען: די אויסוואנדערונג טויג נישט, לאמיר פריווען די לאגע אויפ'ן ארט און באלד אויסצו-בעסערען.

ווען די „יק"א" זאל באמת מיינען, אז די ערציעהונג וועט ברענגען צום אויסוואנדערען, וואלט זי געדארפט פשוט בעטען, מען זאל איהר ערלויבען צו גרינדען טעכנישע און לאנדווירטשאפט-שולען. די שילער, וועלכע וועלען אין אזוינע שולען לערנען, וואלטען דערנאך געווארען גוטע קאלאניסטען אין אויסלאנד. ניין! דאס האט די „יק"א" נישט געטאן, זי וויל איהרע לייה, בענק אויף משכנות און פאבריקען-וועלכע זי האט געגרינדעט, כשר מאכען און זאגט אז זיי זענען בע-שטימט יודען פאר אויסוואנדערער און קאלאניסטען צו מאכען. זיי מאכען פאר אויסוואנדערער קאן איך נאך פארשטעהן, דען ווען די ארעמע יודען וועלען נישט האבען מיט וואס צו בעצאהלען זייערע חובות, וועלען זיי מוזען אויסוואנדערען, אדער פשוט'ער געזאגט, אנט-לויפען, אבער ווי אזוי זיי וועלען ווערען דערפון קאלאניסטען הייב איך נישט אן צו פארשטעהן, אדרבא, אינדוסטריען און פאבריקען וועלען זיי צו געוואהנען צו דער ארבייט און זיי וועלען בלייבען אויף זייער ארט. די גוטע דירות, וועלכע די „יק"א" בויט פאר זיי, וועלען זיי געוויס נישט בעוועגען צו עמיגרירען, אזוי ווי פאבריקען פאר אייגענע געמאכטע בלומען קענען נישט ערציעהען קיין אמת'ע געררטנערס. ה' ליסאדא וועט מוזען אנווענדען זיין גאנצען שכל און זיינע גאנצע בריה'שקייט, בכדי צורעכטצומאכען אלע 193 תקנות פון באראן הירש, זיי זאלען שטימען מיט זייער איצטיגען פארשלאגען און ווען דאס זאל איהם אפילו געראטען, וועט ה' וויינבערג דער שוועבענדיגער מלאך פון „יקא" נישט געפינען קיין איינציגען יודען, וועמען מיט איהרע פלענער און ערציעהונג צו בעגליקען. זאל אבער „יק"א" מיינען עהרליך מיט דער ערציעהונג איז דער פארשלאג פאר דעם פארלאמענט אין גאנצען איבריג.

קיינער וועט נישט לייקענען. אז ווען מען וויל באמת מאכען וועמען עס איז מסגל צו קאלאניזאציע, מוז מען איהם ערציעהען אין דער געזעלשאפט פון קאלאניסטען. איך האב תמיד געזאגט, אז דער הויפט חסרון פון באראן הירש איז געוועזען, וואס ער האט געוואלט מאכען קאלאניסטען פון אזוינע מענשען, וואס האבען קיינמאל אין זייער לעבען נישט געוואוסט וואס לאנדארבייט איז. איך בין זיכער, אז ווען די פארשטעהער וואלטען באמת געמיינט די יודען וואס זיי ערציעהען צו מאכען דורכדעס פאר קאלאניסטען, וואלט סיר עדוארד פריי נישט געזאגט, אז דאס שטימט נישט מיט די תקנות. דען אין די תקנות פון באראן הירש איז בפירוש ערלויבט צו פארווענדען א טייל פון דעם געלד אויסצובילדען די יודען, וועלכע מען דארף העלפען פאר אויסוואנדערער און קאלאניסטען, אויף זייערע ערטער. און דערי-בער איז די פאדערונג פון פארלאמענט אדער אין גאנצען איבריג, אדער אין גאנצען נישט ריכטיג; מעג מען, דארף מען דאך דערויף קיין ערלויבניש נישט בעטען, טאר מען נישט, קאן דאך דאס בעטען נישט העלפען. גאר אפילו ביידע ענגלישע פארלאמענט הייזער זאלען עס ער-לויבען, וועט מען ערשט רעכט האנדלען געגען די געזעצע פון „יק"א". אט דאס איז מיין ענטפער דעם ה' לוסאדא פאר זיינע בריה'שקייט.

---

# פאליטישע נייעס.

— אין בולגאריע האט זיך געביטען דאס מיניסטעריום. פון די אלטע מיניסטארען איז נאר געבליבען דער קריגס-מיניסטער פאל-קאווניק סאוואוו. דער נייער מיניסטער פרעזידענט פעטראוו, רעכענט מען, וועט פיהרען די פאליטיק אין בולגאריע לויט דעם וואונש פון רוסלאנד און עסטרייך און ער וועט די מאקעדאנישע אונרוהען איינשטילען. דאס נייע מיניסטעריום האט באלד ווי עס האט איבערגענומען דאס הערשאפט אין איהר האנד מודיע געווען די טערקישע רעגירונג, אז עס וועט טריי ערפילען איהרע התחיבות געגען טערקיי, די טערקישע רעגירונג איז אבער מיט דעם נייעם מיניסטעריום נישט שטארק צופרידען און האט צו איהם נישט קיין גרויסען צוטרויען, ווייל אין דאס נייע מיניסטעריום געפינען זיך דריי מיניסטארען, וועלכע געהערען צו דער סטאמבולאווישער פארטיי, וועלכער איז בעקאנט פאר נישט קיין גוטען פריינד פון דער טערקיי און די אנדערע מלוכות.

— די אלבאנער האבען זיך צעטיילט אויף צוויי פארטייען. איין טייל פון זיי, וועלכע האלטען דעם מאחמעדאנישען גלויבען האבען אנגענומען די רעפארמען, וואס די טערקישע רעגירונג האט איינ-געפיהרט, דער אנדערער טייל אבער, וועלכע האלטען דעם קריסט-ליכען גלויבען האבען די רעפארמען נישט אנגענומען.

— ביי דער מלחמה, וואס איז געוועזען אין סמעדעש צווישען די טערקען און די בולגארען, איז דורך די טערקען חרוב גע-

---

זי האט ערשט אנגעהויבען צו וויינען; אז זי האט דערהערט פון איהם אזעלכע ווערטער און איז פונדעסטוועגען געפאלען איהם אויפ'ן הארצען, אנגעהויבען בעטען ביי איהם ער זאל איהר געבען חאטש עטליכע טעג צייט אויף צו באקלערען זיך... און נאך זאכען האט מאקסים טשובינסקי געשריבען דער מוטער, נישט פארלייקענט פון איהר קיין ווארט, אזוי ווי ער איז געוואהנט געווארען פון תמיד אן געהן מיט איהר נאר מיט'ן אמת.

דערויף האט מאקסים בעקומען פון זיין מוטער א תשובה אין קורצען, אז אויב דאס מיידל, וואס ער האט אויסגעקליבען איז ווערט צו טראגען דעם נאמען טשובינסקי (און זי איז אין דעם נים מסופק, ווארום זי איז באגלויבט אין איהר זוהן), און אויב זיינע געפיהלען צום מיידל זענען אויף אזוי פיעל ערענסט, אז אנדערש קאן דאס שוין נים זיין, שיקט זי איהר ליבען זוהן א ברכה, און ווינשט איהם ס'זאל זיין אין א גוטער שעה, און האפט, אז גאט וועט איהם געוויס מוחל זיין, ווארום ער איז מקיים א נפש, און אזוי ווייטער, ווי גע-געווייגטליך א מוטער שרייבט צו א קינד.

(פארטזעצונג קומט).

־ווארען א דארף פון 300 הייזער, פון די בולגארען איז ביי דער דאזיגער מלחמה געהרג'עט געווארען 100 מענשען, אין ראדאוויץ איז אויך געוועזען א מלחמה צווישען די טערקען און בולגארען, ביי וועלכע די בולגארען האבען פארלוירען 17 מענשען.

— די צאהל טערקישע סאלדאטען, וואס שטעהען אין מאקעדאניע דערגרייכט ביז 140,000.

— דער גרויס-וויזיר פון טערקיי האט צוגעזאגט דעם בולגארישען געזאנדטען אין קאנסטאנטינאפאל, אז ער וועט זיך בעמיהען צו מאכען א סוף צו די רציחות אין מאקעדאניע, צו בעפרייען די מענשען, וואס מען האט אונשולדיג ארעסטירט, צוריק צו עפענען די פארמאכטע שולען און צו שיצען דאס לעבען און פארמעגען פון די איינוואוהנער.

— די אייראפייאישע מלוכות, וועלכע האבען די השגחה אויף דעם אינזעל קרעטא, האבען אריינגעשריבען צו דער גריכישער רעגירונג און צום פרינץ געארג, דעם גענעראל גובערנאטאר פון קרעטא, אז זיי וועלען פאר קיין פאל נישט צולאזען, אז דער אינזעל זאל צוגענומען ווערען פון טערקיי און זיך פאראייניגען מיט גריכענלאנד.

— ווי ענגלישע בלעטער שרייבען נעמט די חינעזישע רעגירונג ביסליך־ווייז אן אלץ וואס די רוסישע רעגירונג האט פון איהר פארלאנגט. לויט ווי דער "טיימס" שרייבט האט זיך חינא מתחייב געווען: 1) נישט צוגעבען קיין שום טייל לאנד פון מאנדשוריע צו קיין שום אנדערע מלוכה. 2) נישט איבערצובייטען די היינטיגע פארוואלטונג אין מאנגאליע. 3) נישט צו עפענען אין מאנדזשוריע נייע האוועגס פאר דעם האנדעל פון אלע פעלקער. 4) נישט צו לאזען קיין אויסלענדער צו ווערען בעאמטע אין מאנדזשוריע. 5) די טעלעגראפישע ליניע פארט־ארטור און מאנדזשוריע זאל בלייבען ביי רוסלאנד אין די הענט. דערמיט איז מען אין וואשינגטאן (די הויפט שטאדט פון די פאראייניגטע שטאאטען אין אמעריקא) זעהר נישט צופרידען. די אמעריקאנישע רעגירונג ערקלערט, אז דער אמעריקאנישער האנדעל וועט זעהר פיעל ליידען דערפון, וואס רוסלאנד האט פריי אריינצושיקען איהרע סחורות אין חינא און נישט דארפען אבצאהלען קיין שום צאל.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— "די רוסישע טעל. אגענט". איז מודיע:

אין איינינע אויסלענדישע צייטונגען ("טיימס" פון 18־טען מאי נייער סטיל, מינכענער נייעסטע נאכריכטען Nr. 236, דעלי ניוס און אנדערע) זענען געדרוקט ידיעות, וועלכע געבען א גאנץ פאלשע ערקלערונג פון די אונארדנונגען, וואס זענען פארגעקומען אין קישינוב דעם 6־טען און 7־טען אפריל. די דאזיגע צייטונגען האבען דערצעהלט וועגען א בריף פון דעם מיניסטער דעם אינערן און האבען געבראכט דעם בריף אין פאלגענדע ווערטער: "דער מיניסטער פון אינערן. די קאנצעליי פון מיניסטער. דעם 25־טען מערץ 1903, Nr. 341, גאנץ געהיים. דעם הערן בעסאראבער גובערנאטאר. — "עס איז צו מיר דערגאנגען, אז אין דער גובערניע, וועלכע שטעהט אונטער אייער אויפזיכט, גרייט מען זיך צו גרויסע אונארדנונגען נעגען די יודען, וואס זענען די הויפט־שולדיגע אין דער עקספלואטאציע פון דער דארטינער בעפעלקערונג. אזוי ווי צווישען דער שטאדט־בעפעלקערונג הערשט איבערהויפט איין אונרוהיגקייט, וואס זוכט נאר די געלעגענהייט זיך ארויסצווייזען, און אזוי ווי עס איז בשום אופן נישט גוט, ארויס צורופען דורך צו שטרענגע מיטלען א כעס נעגען די רעגירונג צווישען דער בעפעלקערונג, וואס איז נאך ניט בעריהרט דורך די (רעוואלוציאנערע) פראפאגאנדע, לעג איך אייך פאר אויסצוזוכען מיטלען, ווי איינצושטילען די אונארדנונגען, גלייך ווי זיי וועלען זיך אנהייבען, אבער נאר מיט אזהרות, און אין קיין פאל ניט מיט געוועהר".

די אלע ידיעות זענען אויסגעטראכטע: א בריף פון מיניסטער דעם אינערן צום בעסאראבער גובערנאטאר מיט אזא אינהאלט עקזיסטירט ניט, און קיין שום מיטטיילונג, וואס זאל פריהער אנווייזען די בעסאראבער אויף די אונארדנונגען, איז ניט געוועזען.

— אין פעטערסבורג האט דאס רוסישע פאלק געפייערט דאס 200 יעהריגע יובילעאום זייט פעטערסבורג איז געבויט. צו דעם דאזיגען יום־טוב זענען צוזאמענגעפאהרען זעהר פיעל דעלעגאטען פון רוסלאנד און אויסלאנד. פאר די פארשטעהער פון די פארשידענע שטעדט אין אויסלאנד האט די שטאדט־פערוואלטונג געדונגען וואהנונגען אין די גרעסטע פעטערסבורגער האטעלען. די דומע וועט צום אנדענקען פון דעם יובילעאום בויען א שפיטאל, וועלכע וועט זיך רופען מיט דעם נאמען "פעטער דער גרויסער". אין זומער־פאלאץ איז געוועזען איין אויסשטעלונג פון אלע זאכען, וואס קעהרען זיך אן צו פעטער דעם גרויסען און צו זיין רעגירונג. אין דער דאזיגער אויסשטעלונג געפינט זיך פיאטערס פיגור אנגעטאהן אין זיין מאנדור, וואס ער האט געטראגען, זיין פאר שטיוועל, וואס וועגט 60 פונט, א שיסעל, וועלכע ער האט אליין געמאכט, זיין האק און די ערשטע דרוק־מאשין, וואס ער האט געבראכט קיין רוסלאנד און נאך פיעל אזוינע זאכען.

— קיין פעטערסבורג האט מען געבראכט א ברילאנט, וועלכער הייסט "עקצעלסיאר" און וועגט 971 קאראט. ווערט איז דער דאזיגער ברילאנט 10 מיליאן רובל.

— די רוסישע צייטונגען מאכען אויפמערקזאם אויף דעם שאדען, וואס עס מאכען דעם לאנד די חינעזער, וועלכע האבען די לעצטע צייט אנגעהויבען מאסענווייז אריינצוואנדערען אין רוסלאנד. נישט לאנג זענען דורך וולאדיוואסטאק איינגעוואנדערט מעהר אלס 6000 חינעזער. איבערהויפט בעשעפטיגען זיי זיך מיט וואשען וועש און לאזען קיין אנדערען נישט צו צו דער ארבייט.

— די טאטארען, וואס וואהנען אין רוסלאנד, האבען אנגעהויבען אויסצוואנדערען מאסענווייז פון רוסלאנד קיין טערקיי. מיט איין שיף זענען נישט לאנג ארויסגעפאהרען 600 טאטארען.

— קיין פעטערסבורג איז געקומען פון טאשקענט צופוס א געוויסער י. י. לאפטעוו, וועלכער האט זיך אונטערגענומען אין א משך פון צוויי יאהר צו בערייזען גאנץ אייראפא. דער דאזיגער פוס־געהער האט זיך וועגען זיין רייזע געוועט מיט א פערזישען מיליאנער אויף 15,000 רובל.

— אין ניו־יארק האט מען אנגעהויבען בויען א הויז, וועלכעס איז 130 סאזשען הויך און וועט האבען 50 שטאק.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די רוסישע רעגירונג האט בעשטימט פאר די אלמנה פון דעם אדעסער פארשטארבענעם ראבינער אייכענוואלד 600 רובל א יאהר, וואס מען וועט ארויסנעמען פון "קאראבקע־טשנע סבאר".

— דער עסטרייכישער גענעראל־קאנסול אין אדעסא האט זיך געווענדעט צו דעם אויבער־חזן אין דער אדעסער בראדער געמיינדע ה' פנחס מינקאווסקי, און איהם געבעטען, ער זאל איהם צו שטעלען א רשימה פון די חזנים אין רוסלאנד, וועלכע זינגען וולצערס

נעזאנג אין די שוהלען. די דאזיגע רשימה האט דער קאנסול נייטיג פאר דעם קאמיטעט, וואס האט זיך געבילדעט אין ווין צו פייערען דעם 100 יעהריגען יובילעאום זייט עס איז געבארען דער בערי־המטער וויענער חזן ר' שלמה זולצער.

— בשעת עס איז געוועזען דער בלוט־בלבול אין דובאסאר האט זעהר פיעל נעווירקט די אויסזאגע פון א יודען משה בעקער, וועלכער האט געזאגט, אז ער האט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן ווי מען האט געמארדעט דאס יונגל ריבאלענקא. נישט לאנג האט א בעוואוסטער רוסישער פראפעסאר אונטערזוכט דעם דאזיגען יודישען עדות און האט ערקלערט, אז ער איז נישט ביים קלארען שכל.

— די „רוסק. סלאווא“ מעלדעט, אז איינעגע אדוואקאטען האבען זיך אונטערגענומען זיך אנצונעמען פאר די יודען, וואס האבען געליטען פון די פאגראמען און וועלען פאדערען דעם שאדען פון דער רעגירונג. די אדוואקאטען זיצען שוין אין קישינוב און מען האט שוין דורך זיי דערלאנגט איין ערך פון 1000 בקשות. דעם סענאט דערלאנגט מען פאדערונגען אויף דעם געוועזענעם קישינעווער גובערנאטאר פאן ראאבען; אין סודעבנא פאלאטא — אויף דעם פאליציימייסטער חאנזשיקאוו, און אין אקרוזשנאי סוד אויף די קלענערע פאליציי און די מענשען, וואס האבען ראבירט.

— דער בעריהמטער רוסישער זינגער שאליאפין האט געגעבען א קאנצערט אין ראסטאוו־נא־דאן, און די גאנצע הכנסה פון דעם קאנצערט האט ער אוועקגעגעבען פאר די קישינובער פאראומגליקטע יודען.

— דער מיניסטער פון אינערן שטאטס־סעקרעטער פאן פלעווע, האט דעם 11 מאי אנגענומען די פארשטעהער פון דער קישינובער יודישער געמיינדע. דער מיניסטער האט אויסגעהערט זייערע ערקלערונגען און האט זיי געזאגט, אז עס זענען פארגענומען אלע מיטלען אום צו פארהיטען אויף שפעטער די אונרוהען געגען יודען.

**עסטרייך־אונגארן.** ד״ר הערצל האט בעקומען טרייסט־בריף וועגען דעם יודישען אומגליק פון דעם גרויס־הערצאג אין באדען און דעם טערקישען געזאנדטען אין ווין.

**רומעניע.** די אנטיסעמיטען פון לאנד זענען זיך שטארק משתדל מען זאל אסר'ן שחיטה, דערמיט מיינען זיי צו נייטען די יודען זיי זאלען פארלאזען רומעניע.

— אין פארלאמענט האט מען 18 יודען אנגענומען פאר רומענישע אונטערטאנען.

— איינעגע אנטיסעמיטישע צייטונגען האבען אנגעהויבען אויפצוּ־רייצען די קריסטען אנצופאלען אויף יודען, זיי האבען אבער נארנישט נ'פועל'ט.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— אין דער וועלט־אויסשטעלונג, וואס וועט זיין אין יאהר 1904 אין דער שטאדט ס״ט לואיז אין אמעריקא, וועט זיין איין בעזונדער פאוויליאן פאר די קאלאניעס אין ארץ ישראל, אין וועלכען מען וועט אויסשטעלען די פראדוקטען פון קאלאניעס.

— דעם 4 מאי איז אין פאלטאווא (רוסלאנד) געוועזען א יעהרליכע אספה ביי דער היזעריכער פראוואסלאוויש־פאלעסטינישער געזעלשאפט. אויף דער דאזיגער אספה האט ס. נ. ראזאוו, א לעהרער אין סעמינאריום, פארגעלעזען א רעפעראט וועגען די ציוניסטישע פראגע, אין וועלכען דער פארלעזער האט די ציוניסטישע בעוועגונג אנגעהויבען צו רעכענען פון זייט נאך דעם חורבן בית המקדש. ער האט אויך אנגערופען פיעל נעמען פון די ציוניסטען ווי ר' יהודה הלוי, משה העס סמאלענסקין, ד״ר פינסקער און ד״ר טהעאדאר הערצל.

---

# א מעשה מיט א הונגריגען

פון דוד פינסקי.

(ענדע פון נומער 22).

ווידער האט ער זיך אומגעקוקט. ער איז גאר אין גאס! ער האט אפילו נישט געמערקט, ווען איז ער ארויס פון הויף, וואס וועט ער טון אין גאס? וואו וועט ער געהן? „אך, עסען!“ גאר שטעהן אין גאס איז דאך אויך קיין סברא נישט. מען מוז געהן. „געהן, וואו די אויגען וועלען טראגען, ביז פאלען, פאלען, און א פגירה איינגעמען!“

ער איז ווידער געווארען בייז, אויף זיך אליין און אויף דער גאנצע וועלט. נאר באלד האט ער דערפיהלט, אז ער האט קיין כח נישט בייז צו זיין, אז דאס הארץ איז איהם נאך שוואכער געווארען. „עסען, עסען, עסען!“

און ער איז געגאנגען און האט געווארפען בליקען אין אלע זייטען און אנגעשטרענגט זיין קוק צו דערזעהען עפיס דורך דעם געדיכטען שניי, ער האט נישט געוואוסט, וואו ער געהט, און דאס האט איהם נישט אינטערעסירט אויך. ער איז געגאנגען, אום נישט צו שטעהן אויף איין ארט, ער האט געקוקט חאטש ער האט געפיהלט, אז ער וועט גאר נישט דערזעהען אויסער גרויסע שניי־שטערנדלעך. איין זאך האט ער גאר דייטליך געוואוסט: אז ער וויל און מוז עסען, עס מעג זיך חאטש איבערקערען די וועלט. „עסען, עסען, עסען!“ האט ער פארצווייפעלט געקרעכצט אין זיך.

ער איז צוגעגאנגען צום שטאדט־גארטען. דער גארטען איז געלעגען אויף א הויכען בארג, אונטער וועלכען עס איז דורכגעגאנגען דער ברייטער און טיעפער טייך. אויפ'ן טייך גליטשט מען זיך געווענליך ווינטערצייט און אויבען אין גארטען זענען שטענדיג דא א סך נייגיעריגע. נאר איצט איז אין גארטען נישט געוועזען א פוס פון א נפש. איבער דעם געדיכטען שניי האט מען אפילו די לאטערנעס נישט געזעהען. זיי האבען געלויכטען גאר אויף איינעגע שריט ארום זיך. איציע האט נישט געוואוסט, צי זאל איהם פארדריסען, וואס ער האט דא קיין מענשען נישט געפונען, אדער נישט. ער האט זיך נישט אומגעקערט צוריק און איז געגאנגען ווייטער. ער איז צו צום ברעג בארג און האט א קוק געטאן אויפ'ן טייך. ער האט גאר נישט געקאנט זעהען. צו זיין אויער האבען נאר דערגרייכט הילכיגע קלעפ פון שווערע אייזענס. דאס האבען פויערען געהאקט איין אפענעם ארט אין טייך און אין זיינע מידע געדאנקען האט ער דערזעהן א ברייט, גרויס לאך אין דעם אייז, און עס האט איהם אנגעהויבען צו ציהען צום וואסער. איהם איז איינגעפאלען, אז ער דארף זיך ארונטערווארפען פון בארג אין דאס טיעפע וואסער. ער וועט נישט שרייען און נישט בעטען ראטעווען. ער וועט זיך גאנץ רוהיג דערטרינקען. נאר ער פיהלט אז דאס איז גלאט אזוי א געדאנק, און דער עיקר איז איהם דאס הארץ שוואך און ער וויל עסען. „עסען, עסען, עסען!“ ער האט זיך ארומגעקוקט, ווי ער וואלט וועלען דערזעהן אין דעם וויסטען גארטען עפיס עסעגוואַרג. נאר פאר איהם איז אלץ דער אונענדליכער שניי, שניי אונטען, שניי אויף די הוילע בוימער, שניי אין דער לופט. די פיס ברעכען זיך איהם אונטער — אט־אט וועט ער פאלען, נאר

ער וויל נישט פאלען, ער וויל עסען; און ער קלויבט צונויף אלע זיינע כחות און לאזט זיך ווייטער אין וועג. און ווייטער געהט ער, נישט וויסענדיג וואוהין און נאך וואס. ער געהט אין א וויסטער אלע אין טיעפען שניי, וועלכער קריעכט איהם אריין אין די צעריסענע שטיוועל, איינער אליין, דאס איינציגע לעבעדיגע בעשעפעניש אין דעם וויסטען און פינסטערן גארטען, גאר ער הערט גאר נישט און זעהט גאר נישט. ער געהט, ווייל ער האט נישט וואו אהין צו טון זיך און דער עיקר, ווייל ער וויל עסען, עסען. ער טראכט וועגען גאר נישט און קאן וועגען גאר נישט טראכטען. עפּיס טרייבט איהם און ער געהט מיט דעם פארצווייפעלטען קרעקצען אין זיך: „עסען! עסען! עסען!...“

ער איז ארויס אויפ׳ן טעאטער־פלאץ. דאס העלע ליכט פון די עלעקטרישע לאמפען אויפ׳ן פלאץ האט איהם געבראכט צו זיך ער האט זיך אפּגעשטעלט. און אז ער האט זיך אפּגעשטעלט, איז ער שיער נישט געפאלען. ער האט א טריט געטאן און אנגעשפּארט זיך אן א וואנט פון א מויער. און אז ער האט געמאכט דעם טריט, האט ער דערפיהלט, אז די שטיוועל זענען איהם פול מיט שניי, אבער דאס האט אויף איהם קיין שום איינדרוק נישט געמאכט. שלעכט איז גאר דאס, וואס ער האלט זיך קוים אויף די פיס און דאס הארץ איז אימה׳דיג שוואך און אהן איין אויפהער ווילט זיך עסען. ער וועט שוין דא בלייבען שטעהן. וואו דען וועט ער געהן? דא איז לכל הפחות ליכטיג און באלד וועט ער דא דערזעהן מענשען. א סך מענשען, רייכע, גליקליכע מענשען. און וואס וועט שוין זיין, אז ער וועט זעהען די מענשען? ער וועט גאר בעטען א נדבה. ער וועט זאגען, אז ער האט שוין דריי טעג נישט געגעסען.

בעטען א נדבה! עס האט איהם געשוידערט און עס האט איהם גע־עקעלט. אבער ער וויל דאך עסען! אט האט ער געוואלט גנב׳ענען. וואס איז בעסער, גנב׳ענען אדער בעטלען? און ער האט זיך אנגע־שפּארט אן וואנט. פארווארפען דעם קאפּ, געקוקט מיט א מאטען בליק אין די שנייעדיגע ווייטקייט און געזוכט איין ענטפער מיט זיין מידען מארך.

דער נאכטוועכטער איז צוגעגאנגען און איהם א שטויס געטאן.

„וואס טוסטו דא?“

איציע האט זיך קוים א ריהר געטאן. ער האט נישט געקאנט אויפהייבען די פיס.

דער שומר האט איהם געגעבען נאך א שטארקערען שטויס.

„ווילסט אין פאליציע?“

איציע איז שיער נישט געפאלען און איז שטארק אויפגעבראכט געווארען. אבער ער האט זיך איינגעהאלטען און אנגעשטרענגט אלע זיינע כחות און אנגעהויבען צו געהן. אוף־ף־ף! ער האט גאר די פיס נישט געהערט. שטיקער אייז! ער האט אנגעהויבען צו קלאפּען א פוס אן א פוס.

„נו, גיכער, גיכער!“

איציע האט ארויסגעשיפּעט מיט פארביסענע ציינער:

„זעהסט דאכט זיך, אז קוים וואס איך געה! וואס טרייבסטו? פרעג בעסער, צו בין איך נישט הונגריג!“

ער איז אריבער אויף איין אנדער טראטואר. דא זענען נאך געוועזען עטליכע קראמען אפען, זאל ער אפשר אריין בעטען א נדבה? ער האט זיך אפּגעשטעלט נעבען א פענסטער. ער האט געוואלט בע־טראכטען, וואס צו טון.

„איך זעה דיך! איך זעה דיך!“ האט ער דערהערט דעם שומר׳ס קול.

ער איז אוועקגעגאנגען ווייטער, טיעף אין גאס, וואו עס איז שוין ווידער געוועזען שטאק־פינסטער, דארטען האט ער זיך אויף א ווייל[ע] אפּגעשטעלט און גוט אנגעקלאפּט א פוס אן א פוס. און ווייטער געגאנגען. ער האט זיך געדרעהט ארום דעם טעאטער און זיך אפּ־געשטעלט נעבען דעם אריינגאנג. די זשאנדארמען האבען געפעהלט, זיי האבען זיך בעהאלטען אין טעאטער פאר דעם שניי און ווינט. ער איז געשטאנען און געשפּרונגען פון איין פוס אויף דעם אנדערען. אהן בעשטימטע געדאנקען, אהן א שום ציעל. ער איז דא געשטאנען ווייל דא איז ליכטיג, ווייל אינווענייג זיצען רייכע מענשען, וועלכע עס איז יעצט זעהר פרייהליך. ער דערמאנט זיך, אז ער איז קיינמאל נאך נישט געוועזען אין א טעאטער. ער האט קיינמאל קיין געלד נישט געהאט דערצו. אין טעאטער מוז זעהר פרייהליך זיין, ווען מענשען קאכען זיך אזוי אין טעאטער. חברה טראכט זיך אויס אלערליי פאר־גניגענס. און ער דארף שטעהן נעבען טעאטער, א פארשאטענער מיט שניי, א פארפרארענער, א הונגריגער, און וואלט געוועזען גליקליך, ווען ער וואלט געפונען א שטיקעל ברויט! ער האט ווידער אנגע־הויבען אריינצוגעהן אין כעס. און ער האט זיך דערמאנט, אז אין דער פריה האט ער געוואלט עפּיס אויפטון, אפּטון... וואס האט ער אזוינס געוואלט? ער האט איינגעקנייטשט די שטערן. וואס האט ער אזוינס געוואלט?

„אך, וואס איך קאן שוין דארטען אויסטראכטען!“

ער האט עס אויסגעשריגען מיט פאראכטונג צו זיך אליין. ער האט זיך אין פלוג דערשראקען פאר זיין שטימע און א קוק געטאן אויף די גרויסע גלעזערנע טיר. קיינער האט נישט ארויסגעקוקט, קיינער האט איהם נישט געהערט. דאן איז איהם געפעלען געווארען דאס רעדען מיט זיך אליין. ער האט געפונען אין דעם א פארגניגען. און ער האט אנגעהויבען צו רעדען אפּגעהאקטע פראזען, שטיקלעך פון זיינע מידע, צעפלאנטערטע געדאנקען.

„איך וועל עפּיס אויסטראכטען!... זיך נוקם זיין... אט דאס איז עפּיס אנדערע ווערטער!... וואס שטעה איך ד.ו? וואס ווארט איך דא? געבען וועלען זיי!... זאלען זיי דאס האבען אויף די ביינער!... קאפּלונקע, א בראנד איהם אין אלע ביינער!...“

ער האט נישט אויפגעהערט צו רעדען. און וואס מעהר ער האט גערעדט, אלץ בייזער איז ער געווארען. ער האט פארגעסען דעם הונגער, ער האט דערהערט דאס הארץ. ער האט געשאלטען מיט טויט־ביטערע קללות און געפיהלט, אז ער איז זיך מחיה. ער האט אויף־געווארפען אלערליי עולות דעם עולם, וואס זיצט אין טעאטערס, וואס עסט זיך און טרינקט זיך אן, וואס פארגינט זיך אלערליי פארגניגענס.

„וואס פאר א שלעכטס איך וועל זיי טון וועט קיין שום עבירה נישט זיין!“ האט ער פילאזאפירט. ער האט געפיהלט, אז ער איז איצט גרייט אויף אלץ, אז ער וועט איצט אלץ טון מיט א לייכטען הארצען.

עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט גענוג כח אויף אלץ, א ריעזען־כח.

די טיר האט זיך פארנאנדערגעעפענט. עס האבען זיך בעווייזען די זשאנדארמען, און באלד האט זיך אנגעהויבען שיטען דער עולם. איציע איז געבליבען רוהיג שטעהן. ער איז אפילו נישט ענטשוויינען געווארען און גערעדט זיך זיינס, די זשאנדארמען האבען איהם נישט בעמערקט. זיי זענען געוועזען בעשעפטיגט מיט די שליטענס. איציע האט געקאנט רוהיג רעדען.

„זיי זענען שוין דא! אנגעלאכט זיך און אנגעזויפט זיך, פסיא־קרעוו! אין גוטינקע פוטערקעס, מיט די ווייבערס געארמט, אדער אזוי מיט נאפקעס...״

איינינע פארבייגעהער האבען זיך איינגעקוקט אין דעם מיט שכור פארדעקטען מענש.

„שכור אדער משוגע״, האט איינער פון זיי געזאגט. זיי זענען אוועקגעגאנגען זייער וועג, און איציע האט זיי נאכגעשריגען:

„איהר זייט אליין שכור! נישט איך בין שכור; פסיא־וואשא דושא! הונגריג בין איך, הולטאיעס! האב אבגענומען ביי א הונגריגער אלטער יודענע איהר פינסטערע וועטשערע, הולטייעס!... איך בין שכור? פסיא־וואשא דושא! א חדש, אז איך זוך ארבייט, כאליערניקעס! דריי טעג גאר נישט געגעסען, פסיא קרעוו!...״

א זשאנדארם האט דערהערט זיין קול און איז צוגעגאנגען א קוק צו טון, ווער קאן דאס שרייען און זידלען זיך.

„דו, וואס שרייסטו דא? אוועק!״

און דער זשאנדארם האט איהם געגעבען א שטארקען שטוים

„נו, וואס שטויסטו זיך?״ האט איציע אויסגעשריגען און — ער האט א הייב געטאן די האנט אויפ'ן זשאנדארם. ער האט דערפיהלט, אז ער וועט זיך מחיה זיין, אויב ער וועט אראבלאזען א פאטש, אבער א פייערדיגען פאטש. ער האט געווארט אויף נאך א שטוים.

דער זשאנדארם האט בעמערקט זיין בעוועגונג.

„אך דו פארפלוכטער יוד!״

איצעס האנט האט זיך אראבגעלאזען. עס האט שטארק אבגעקלונגען, דער עולם איז געבליבען שטעהן. איציע האט געוואלט נאך א מאל אויפהעבען די האנט. ער איז שוין געוועזען ווילד. ער האט געוואלט שלאגען און ווערגען און בייסען. נאר ער האט בעקומען א שטארקען זעץ אין קאפ. עס האט איהם פארשווינדעלט אין די אויגען און ער איז געפאלען. איצט האט ער געפיהלט פיס אויף זיך ער האט געוואוסט, אז מען טרעט איהם דאס מיט די פיס, נאר ער האט די אויגען נישט געקאנט עפענען און נישט געקאנט א ריהר טון זיך מיט קיין אבר. באלד האט מען איהם אויפגעהויבען און גענומען ערגיץ שלעפען. מיט קלעפ אין רוקען און אויפ'ן קאפ און אין בויך, און מיט די מאוס'טע זידלערייען. ער האט זיך נישט געקאנט ווערען, ער האט אפילו נישט געקאנט רעדען. נאר געראוועט האט ער און שוידערליך געקרעכצט.

---

— שטילער און לאנגזאמער איז געווארען זיין ראווען און קרעכצען, און ענדליך איז ער געבליבען ליעגען שטיל אהן א בעוועגונג. א דיקע פינסטערניש איז געלעגען איבער איהם, ארומגענומען איהם, פארטרונקען איהם. ער האט געהאלטען צו געמאכט די אויגען, אבער ער האט געפיהלט די פינסטערניס, ווי א שווערע משא האט זי געדריקט אויף איהם. ער האט דונקעל געוואוסט, אז ער האט געשלאגען און איז שטארק געשלאגען געווארען, און איצט איז עס שטיל און רוהיג, און עס האט איהם געוואונדערט די רוהיגקייט. ער האט אנגעהויבען צו שארען ארום זיך מיט דער האנט, צוגעמאכטערהייט די אויגען. ער האט אנגעטאפט א הארטע, שטויביגע פארלאגע. וואו איז ער דאס? גאנץ נישט דייטליך איז עס דורכגעפלויגען דורך זיין גאנץ לייב. ער האט שווער אויפגעהויבען זיינע ברעמען. די דיקע פינסטערניש האט זיך אוועקגעלעגט אויף זיינע אפענע אויגען. ער האט גאר נישט געזעהען און זיינע אויגען האבען זיך שווער צוגעמאכט צוריק. דאן האט ער ווידער געשארט מיט די הענט ארום זיך און ווידער פארנאנדערגעעפענט די אויגען, ווייטער, ברייטער. עפיס האט איהם א בליאסק געטאן. אויבען אויפ'ן באלקען איז געלעגען א קליינער, גרויער שיין. פון דעם איינציגען פענסטער איז ער אריינגעדרונגען, וואס איז געוועזען הויך איבער דער ערד. איציע האט אנגעשטעלט זיין בליק צוערשט אויפ'ן שיין און דערנאך אויף דאס קליינע פענסטער מיט די אייזערנע שטאנגען. לאנג האט ער געקוקט אהין, ווי איינער, וועלכער האט זיך אויפגעכאפט פון א חלום און איז נאך נישט ביי זיך.

פלוצלינג האט איהם דאס בלוט א שלאג געטאן אין קאפ, און ער האט זיך שנעל אויפגעזעצט. ער האט דערקענט די שטאנגען און פארשטאנען, אז ער איז אין פאליציע. מען האט איהם גוט אנגעשלאגען און אריינגעווארפען אין א פינסטער לאך. עס איז איהם געווארען אזוי מאדנע ווארם. אין איין רגע האט ער דורכגעלעבט, וואס איהם שטעהט פאר. די קלעפ, וועלכע ער וועט דא קריגען, דעם משפט און דעם פסק, דעם אסטראג און דאס צוכט־הויז. ער האט אויסגעקרעכצט אין שווערער פארצווייפלונג. אי! איצט האט ער אויך דערפיהלט, אז דער קאפ טוט איהם זעהר וועה, און דאס גאנצע געזיכט און דער גאנצער קערפער. ער האט האסטיג אנגעטאפט דעם קאפ און דאס געזיכט. דאס היטעל איז נישט געוועזען אויף איהם, דאס האר איז געווי'זען פייכט און קלעבעדיג. ער האט אנגעריהרט אן איין אפענע וואונד. ער איז געגאנגען מיט פינגער נאך דער קלעבעדיגקייט. אומעדום בלוט. אויפ'ן קאפ, איבער'ן גאנצען געזיכט און אויף דער פארנאנדערגעעפענטער ברוסט.

עס האט זיך איהם פארוואלט וויינען אויף זיין גרויס עלענד און זיין גרויסע פארצווייפלונג. „טאטע!״ האט ער געוואלט שרייען, און „מאמעניו!״ און נאט! ווערטער, וועלכע ער האט קיינמאל נישט געברויכט, וועלכע ער האט קיינמאל נישט געקענט. עס האט איהם ביטער־שווער פארקוועטשט דאס הארץ, און ער האט זיך אויסגעצויגען מיט'ן געזיכט צו דער ערד, און זיין קערפער האט זיך געצאפעלט און געווארפען פון דעם גרויסען יאמער.

צום ערשטען מאל אין זיין עלענדען לעבען האט ער אזוי געוויינט. ער איז געוועזען א פארביסענער, און וויפיעל מאל ער איז געבראכט געווארען אין זיין לעבען צו גרויסע טרערען, האט ער זיי דאך שטענדיג אראבגעשלונגען. ער האט געוואוסט, אז זיינע טרערען וועלען קיינעם נישט דערוויכען, אז זיי וועלען איהם נאר מאכען צום גע־

לעכטער, זיי וואלטען איהם געמאכט פאר א „צעקראכענע נשמה" אונ פאר א טרוס, אונ דאס האט ער נישט געטארט זיין. מיט פארביסענע ציינער איז דער עלענדער יתום געגאנגען דורך דאס לעבען אין איי־בינער פיינדשאפט מיט די א ומיגע מענשען. זיינע אויגען זענען אפט פארלאפען געוועזען מיט בלוט, אבער קיינמאל נישט מיט טרערען.

איצט אבער האט ער נישט געקאנט אונ נישט געוואלט מעהר איינהאלטען זיך. אונ ער האט לאנג געוויינט. ער האט געוויינט, ביז די טרערען האבען זיך ביי איהם אויסגענומען. דאן האט ער דערפיהלט א מין חלשות־געפיהל, אונ א טראכט געטאן, אז ער וועט גאר שטארבען. אט אזוי ווי ער ליגט אזוי וועט ער שטארבען. ער האט זיך אויסגעצויגען, צוגעמאכט די אויגען אונ געווארט אויפ'ן טויט. עפיס אזוי ליגען אונ איינשלאפען אויף אייביג אונ נישט זיין מעהר. איינמאל פאר אלע מאל בעפרייט ווערען פון די וויס־טע טעג הינטער זיך אונ פון דעם גאנצען עלענדען לעבען פאר זיך.

ער האט געבענקט נאך דעם טויט.

„אך, שטארבען!"

פאר זיינע אויגען האבען אנגעהויבען ארויסשווימען טויטע קערפער, וועלכע ער האט זיך אנגעזעהען אין זיין לעבען.

אזוי האט ער געוואלט איצט ווערען. דאן האט ער אויך דער־זעהען פאר זיך דעם הענגענדיגען וואסער־טרעגער קירילא.

ער האט זיך אויפגעזעצט. א בעשטימטער געדאנק האט איהם אויפגעהויבען: ער וועט זיך אויך אויפהענגען. פון ווארטען אויפ'ן טויט וועט גאר נישט ארויסקומען. אזוי וועט ער דאך נישט שטאר־בען. ער האט געקוקט אין די דיקע פינסטערניש אונ געטראכט. דער איינדרוק פון די אבגעלעבטע יאהרען איז אויפגעשטאנען פאר איהם. קיין איינציגער פרייהליכער טאג, קיין בערוהטע מינוט. יאהרען פון נישט אויפהערענדיגע פורעניות אונ פון שטענדיגען קאמפף, פון הארטער ארבייט אונ אפטען הונגער. אונ וואס איהם שטעהט פאר איז נאך ערגער. פינסטער ווי די דיקע פינסטערניש ארום איהם. לאנגע אסטראג אונ צוכט־הויז, אונ דאן ווידער הונגער.

ער האט אויפגעהויבען די אויגען צו די אייזערנע שטאנגען אין פענסטער אונ אנגעטאפט דאס דיקע שטריקל, מיט וועלכעם ער האט געהאלטען ארומגעבונדען זיינע הויזען. דאן האט ער זיך ארומ־געקוקט אונ אנגעשטעלט זיינע אויערען. צי איז דא נימא ווער? אבער ער האט גאר נישט געהערט. מיט מיה האט ער זיך אויפגעהויבען. ער האט זיך קוים געהאלטען אויף די פיס אונ אין קאפ האט איהם גע־שווינדעלט. ער האט אנגעטאפט א וואנט אונ אנגעשפארט זיך א ווייליע. דאן האט ער מיט שטילע טריט דורכגעזוכט דאס צימער, מיט די הענט שארענדיג ארום זיך. קיינער איז דא נישט געווען. נאר עטליכע מייז האט ער דערשראקען אונ געהערט דאס קלאפען פון זייערע ענטלויפענדיגע פיסלעך. ער איז געבליבען שטעהן ביים פענסטער אונ אויסגעשטרעקט די האנט ארויף. ער האט נישט געקאנט דערלאנגען די שטאנגען. אבער ביי איין וואנט איז געשטאנען א באנק, אן וועלכער ער האט זיך אנגעשלאגען ביים דורכזוכען דאס צימער. מיט מיה האט ער זי צוגעשלעפט צום פענסטער. ער איז גע־ווארען אזוי מיד, אז ער האט זיך געמוזט צוזעצען. אונ לאנגזאם האט ער אבגעבונדען דאס שטריקעל פון די הויזען. ער האט אנגעהויבען מאכען א פעטליע אונ געטראכט. ווידער אריינגעקוקט אין די עלענדע פארגאנגענהייט אונ אין די פינסטערע צוקונפט. אונ ווידער נישט געזעהען קיין ליכטיגען פונקט נישט הינטער זיך אונ נישט פאר זיך. אונ מיט פארביסענע ציינער האט ער צוגעצויגען דאס קניפעל אונ גע־שאלטען דאס לעבען אונ זיין הארץ האט פארשפירט איין אונענד־ליכען האס צו אלע מענשען. ווי ער מאכט יעצט די פעטליע, וואלט ער ארומגענומען אלע קעפ אונ וואלט זיי אלעמען דערווארגען. אט אזוי, אט אזוי, אט אזוי!

די פעטליע איז שוין לאנג פארטיג געוועזען, אונ ער איז נאך אלץ געזעסען אונ געטראכט. ער האט געשאלטען אונ געפלוכט אונ געוואונשען די מענשען אלע אומגליקען. אך וואלט ער זיי עפיס אבגעטאן!

אבער מיט זיין טויט אליין וועט ער זיי דאך שוין עפיס אבטון! ער וועט זיך ארויסדרעהען פון זייערע הענט, נישט זיין מעהר זייער קרבן, זייער שעיר לעזאזל. דאס איז א טייערער געדאנק! ווען דער טאג וועט אנקומען אונ מען וועט זיך וועלען נעמען צו איהם, וועט מען איהם געפינען א טויטען. בע־ע־ע, א מגפה אויף אייך אלעמען! אוים איציע, נימא איציע! נימא מעהר וועמען צו מוטשען, צו רודפ'ן. צו לאזען הונגערען! ווי די אבגעשמיסענע וועלען זיי בלייבען, מיט אראבגעלאזענע נעזער, אונ א בייזע קללה וועט אויסדריקען זייער גרויסע אונצופרידענהייט. דאן וועט ער זיין דער זיעגער, דער מנצח. אך דאס איז א טייערער געדאנק!

ער איז האסטיג אויפגעשפרונגען. ארויף אויף די באנק, צוגע־דראפעט זיך צו די שטאנגען אנגעבונדען דאס שטריקעל. די הענט האבען זיך איהם געטרייסעלט, עס האט איהם געפיעבערט. ער האט אריינגערוקט דעם קאפ אין די פעטליע אונ אומגעווארפען די באנק.

אונ אז דאס שטריקעל האט זיך צוגויפגעצויגען, האט זיך איהם פארוואלט לאכען. לאכען ווי א זיעגער, ווי דער שטארקערער, גאר ער האט אויסגעגלאצט די אויגען, ארויסגעשטעלט די צונג אונ איז בלייך אונ בלוי געווארען.

אבער די ארויסגעשטעלטע צונג האט געהייסען:

„בע־ע־ע, אוים איציע, נימא איציע!..."

---

# פארצייטישע יאהרען.

(עטליכע פארצייטישע, ווייניג בעקאנטע יודישע פאגראמען).

ב.

יודען איז פארצייטענס, ווי מען ווייסט פון דער געשיכטע, נישט ערלויבט געוועזען צו וואהנען אין ווארשא, אונ ווען נאר יודען האבען זיך אנגעהויבען דא צו בעזעצען, איז די גזרה בעניימ געווארען. דאך איז אין יאהר 1768 ארוים א געזעץ פון ווארשאווער סיים, אז „פאר טובת הכלל אונ כדי סחורות זאלען נישט צו טייער ווערען, זאל מען יודען נישט פארווערען צו האנדלען אין ווארשא בשעת די סיימען".

איינצעלנע יודען בעלי־מלאכות, אהן ווייבער אונ אהן קינדער, האבען זיך אלע מאל אין ווארשא געפונען, זיי האבען זיך בעהאלטען אין פארשידענע ווינקלען אונ לויפענדיג אין די גאסען, האבען זיי זיך געהאלטען ווי דורכפאהרענדיגע. נאר בשעת דעם פיערזעהריגע סיים (1788—1792), האבען אנגעהויבען מעהר יודען צוקומען קיין

ווארשא אונ די גרויסע לייט, וואס האבען פאר יודען געהאלטען, האבען געפסק'עט, אז אפילו ווען דער סיים רויערט יאהרען לאנג מעגען זיך יודען אין ווארשא די גאנצע צייט בעשעפטיגען מיט מלאכות אונ האנדעל.

דער שאטבעלאן אירוסקי, האט דאמאלס איבערגעמאכט זיין גרויסען פאלאץ צווישען סענאטארסקא אונ נאוואסענאטארסקא גאס, וואו עס געפינט זיך היינט דאס טעאטער, אויף קראמען אונ האט איהם יודען פארדונגען. [1]) ווען עס זענען נאך מעהר יודען אנגעקומען, האבען זיי זיך בעזעצט אויף טלאמאצקא, קלאפאצקא (היינט: ביער־לאנסקא נומער 3), ביבליאטעטשנא (היינט: דאנילאוויטשאווסקא), ביז עקע דלוגא אונ נאלעווקי.

קריסטליכע בעלי־מלאכות זענען אבער זעהר אונצופרידען געוועזען מיט זייערע נייע קאנקורענטען. אין סוף יאהר 1790, האבען זיך פארזאמעלט פאר'ן ראטהויז, וואס איז געוועזען אויף די אלט־שטאדט, די קירזשנער אונ שניידער־צעחען, אונ האבען הויך געשריגען, אז אויב דער מאגיסטראט, וועט נישט פועל'ן ביי דעם סיים, אז מען זאל אלע יודען ארויסטרייבען פון דער שטאדט, וועלען זיי אליין אלע יודען אויס'שחט'ען. דער סיים האט ארויס געשיקט צו די פארזאמעלטע צוויי דעלעגאטען, וועלכע האבען זיי געפרעגט, וואס פאר א טענה זיי האבען צו יודען. די פארזאמעלטע האבען זיי געענטפערט, אז יודען נעמען זיי צו דאס גאנצע פארדיענסט אונ דעריבער האבען זיי בע־שלאסען אומצוקומען, אדער יודען פון דער שטאדט אויסראטען. דער סיים האט געמוזט בערוהיגען די פארזאמעלטע אונ האט געהייסען צומארגענס ארויסיאגען פון ווארשא אלע יודישע בעלי־מלאכות אונ גאסענהענדלער, חוץ סוחרים אונ פאבריקאנטען, וואס האבען ארענט־ליכע געוועלבער אונ מאגאזינען.

נאך דעם ארויסיאגען איז א ביסעל רוהיגער געווארען, נאר נאך עטליכע וואכען, האבען יודען ווידער צוריק אנגעהויבען קיין ווארשא צו קומען.

א מאל האט א קריסטליכער שניידער פ א ק ס בעגעגענט אויף דער גאס א יודישען שניידער, וואס האט אבגעטראגען א מלבוש. פאקס האט איהם געוואלט דאס מלבוש צו נעמען, דער יוד האט זיך איהם אבער פון דער האנט ארויסגעריסען אונ מיט דעם לעצטען ביסעל כח אנטלאפען. פאקס האט צוזאמען גענומען זיינע לעהר־יונגען, אום אויסצוזוכען דעם יוד אונ האט איהם געפונען אויף קלאפאצקא ביי דער ארבייט.

פאקס האט געוואלט דעם יוד מיט זיין ארבייט נעמען אין צעח אריין, דער יוד האט זיך אבער געוועהרט אונ געשריגען געוואלט. יודען זענען געקומען דעם שניידער צו הילף אונ אום ער זאל קענען אנטלויפען מיט זיין ארבייט, האבען זיי דערווייל פאקסען פארמאכט אין א קאמער.

די לעהר־יונגען זענען אבער ארויסגעלאפען אונ געשריגען אויף די גאסען, אז יודען האבען פאקסען גע'הרג'עט. דאמאלס איז אנגע־

1) דער פאלאץ האט א מאל געהערט צו דער פאמיליע פאציעיוב (Pociejów) אונ דעריבער רופט מען נאך היינט אין ווארשא מיט דעם נאמען „פאציעיוב" יענעם ארט, וואו עס ווערט פארקויפט טאנדעט־סחורה אונ אלטווארג.

קומען א גרויסער המון אונ איז בעפאלען די טלאמאצקא גאס. ארום טלאמאצקא האבען אבער יודען געהאט א פארקאן, אונ דעריבער איז זיי לייכט געוועזען זיך צו וועהרען. דער המון, זעהענדיג, אז מיט יודען פון טלאמאצקא וועט ער זיך נישט קענען קיין עצה געבען, איז ער בעפאלען די יודען פון פאציעיוב אונ האט בערויבט אלע קראמען, מאגאזינען אונ וואהנונגען, טייערערע זאכען זיך צוגענומען אונ ביליגערע אדער שווערערע צעבראכען, צעריסען אונ אין ברונען אריינגעווארפען. די וואכען פון דער שטאדט אונ פון מארשאל, וואס זענען געקומען יודען צו הילף, זענען בעווארפען געווארען מיט שטיינער אונ בלאטע, נאר דאס מיליטער פון גענעראל בישעווסקי, וועלכעס מען האט גערופען, האט ערשט דעם המון צעיאגט אונ אין שטאדט איז שטיל געווארען.

אזוי האט אויסגעזעהען דער ערשטער יודען־פאגראם אין ווארשא, אין וועלכען, ווי די מעשה איז געוועזען, דאך איז קיין נפש נישט אומגעקומען. דער פאגראם וואס איז געוועזען הונדערט יאהר שפעטער קאן זיך לייעדער דערמיט נישט בעריהמען.

פ—ק.

## ליטעראטור אונ קונסט

— אין ניו־יארק איז ארויס דער 4־טער באנד פון דער יודישער ענציקלאפעדיע אויף ענגליש, וועלכע דער ד״ר איזידאר זינגער גיט ארויס.

— אין קראקא האט אנגעהויבען ארויסצוגעהן א ביבליאגראפישער זשורנאל אויף העברייאיש מיט דעם נאמען „קרית ספר", וועלכער ווערד רעדיגירט פון בנימין שיינפינקעל אויס ווארשא. אין דעם ערשטען העפט געפינען זיך די ראזינע ארטיקלען: הביבליוגרפיה ועדכה. — מערכת ספרים. — מכתב הנ' שי״ר להרה״ח הרי״ רייפמאן. — הערה קטנה. ש. י. סטאניסלאווסקי. — התנצלות קצרה, העורך והמו״ל. אזא זשורנאל, וועלכען אלע אייראפייאישע ליטעראטורען האבען עס שוין לאנג, האט ביי אונז געפעהלט, אונ ה' שיינפינקעל פארדיענט א גרויסען דאנק, וואס ער וויל אונז דעם חסרון ממלא זיין.

— אור וצל. ספורים וציורים מאת ליפמאן לעווין. הוצאת תושיה ורשה תרס״ג. — אין דעם ראזינען ביכל געפינען זיך די ער־צעהלונגען: ברח׳ (ספור). הזקן המטורף — (ציור). חיים—(תמונה). בעל הנרות — (ציור). ילדות שלומיאל.

# אלטנייאנד.

(פארטזעצונג).

III

אין יענעם אבענד, ווען פרידריך איז ארויסגעגאנגען פונ'ם קאפע-הויז אונ האט זיך געלאזט געהן צו די לעפלערס, האט ער בעמערקט ווי אין דער טיר ביים ארויסגאנג איז געשטאנען א צעהן־יעהריגער יונגעל. דער יונגעל האט זיך געטולעט אין זיין דינעם ריעקל, מיט די הענטלעך זיך אליין ארום גענומען, כדי זיך צו דערווארעמען אונ מיט די פיסלעך האט ער ארויסגעקערט דאס ביסל שניי, וואס האט אריין געווייעט אין דעם פארבארגענעם ווינקעל, וואו ער איז געשטאנען. דאס טענצלען פונ'ם יונגעל האט כמעט אויסגעזעהען ווי אומיסטען, פרידריך אבער האט באלד דערזעהען, אז ס'איז נית קיין קונצען־מאכער. דאס ארעמע קינד מיט די צעריסענע שטיוועלעך האט נעביך ביטערליך געפרוירען. ער האט זיך געכאפט צו דער קעשענע, ביים שיין פון לאמטערען האט ער אויסגעזוכט עטליכע קופערנע מטבעות אונ זיי אוועקגעגעבען דעם יונגעל. דער קליינער האט זיי

שטיל צוגענומען, מיט א ציטעריג קול געזאגט: „א דאנק!“ און איז גיך אוועקגעלאפען.

כאראקטעריסטיש דערביי איז דער שמועס צווישען פרידריך און הערן שיפמאן, א יודישער יונגערמאן דיענט אין א באנק, אויך איין איינגעהער ביי די לעפלערס אין שטוב, און, ווי סע ווייזט אוים, האט ער אויך איין אויג אויף ערנעסטינען, נאר ער וואגט עס ניט ארויסצוזאגען, ווייל ער פיהלט זיך אקטגען לעפלערן ווי א משרת אקעגען א סוחר. — הער שיפמאן איז מיט פרידריכ'ן אין איינעם ארויסגעגאנגען פונ'ם קאפע אום צו געהן צו לעפלער'ן אויפ'ן באל און האט צוגעזעהען די סצענע מיט'ן יונגעל.

„וואס? איהר שטיצט דאס בעטלען אויף די גאסען?“ זאגט שיפמאן אונצופרידען.

„איך גלויב ניט, אז דער דאזיגער קליינער זאל זיך צום פארגניגען ארום דרעהען אין אזא קאלטער ווינטער־נאכט... מיר דאכט זיך, ס'איז א יודישער יונגעל“.

„נו, טא לאז ער זיך ווענדען צו די גבאים אדער צו דער חברה כל־ישראל־חברים, אבער ניט קריכען אין די קאפע־הייזער!“

„זייט ניט אזוי אויפגעבראכט, הער שיפמאן, איהר האט דאך איהם גאר ניט געגעבען“. ענטפערט איהם פרידריך מיט א שמאך.

„ליבער דאקטאר, זאגט שיפמאן מיט שטאלץ, איך בין איינגעקויפט אין דער חברה אקעגען פאראָרעמט ווערען און נדבות־בעטען. איך צאהל יעהרליך א ריינ'ש“.

אין דעם דאזיגען קורצען שמועס שפילט זיך אב א גרויס־ארטיג בילד פון אונזערע כלומר'שט וועלטליכע יודישע יונגע לייט. די אלע מינים שיפמאנ'ס זענען זיך גאנץ צופרידען מיט זיך אליין, אבי זיי זענען איינגעקויפט אין א צדקה־חברה, צאהלען זייער ריינ'ש, אדער זייער רובל א יאהר. טיעפער אינ'ם יודישען אומגליק אריינצוקוקען זענען זיי ניט אימשטאנד.

IV

נאכדעם ווי פרידריך איז דערשלאגען ארויס פון לעפלערס שטוב, וואו ער איז געוואהר געווארען, אז זיין ערנעסטינע איז אזוי לייכטזיניג א כלה געווארען פאר דעם מיטשעף דער פירמא ווייגבערגער עט זעהנע, וועלכען זי האט זייט צוויי וואכען דערקענט, איז איהם אויפ'ן הארצען נאטירליך געווען אזוי שווער, אין מוח האט אזוי שטארק געדריקט. אז ער האט ניט געקאנט גלייך געהן א היים שלאפען. ער האט דעריבער בעשלאסען צוריק צו געהן אין קאפע אום דארט ביי זיין קליינעם קיילעכיגען טישל נאך אביסל צו פאר־ברענגען און זיך בערוהיגען.

ביי דער טיר פונ'ם קאפע־הויז האט ער זיך פארטשעפעט אין א קליינעם נפש'ל און איז כמעט איבער איהם אריבערגעפאלען; אין הייזעל פונ'ם קאפע איז געשטאנען דאס זעלבע ארעמע יונגעל, וואס ער האט איהם ערשט פאר א פאר שעה געשענקט א נדבה.

פרידריך האט זיך אויף איהם צעשריגען: „וואס? דו בעטעלסט שוין דא ווידער?“

דאס יונגל ענפערט מיט א ציטעריגען קול: „איך ווארט אויף מיין טאטען“. דערביי חאפט זיך דער יונגעל אויף, גיט ווידער א טענצל און קלאפט זיך מיט די הענטלעך ארום זיך, כדי זיך צו דער־ווארעמען. פרידריך איז אליין געווען אזוי טיעף אומגליקליך, אז ער האט קיין רחמנות ניט געקאנט פיהלען אויף דעם פארפרוירענעם קינד.

ער איז אריין אין זאל און האט זיך געזעצט אויף זיין געוועהנליכען פלאץ ביים לעזע־טיש. דאס הויז איז אין דער צייט געווען כמעט ליידיג. נאר אין די ווינקלען זענען נאך געזעסען פאר־שפעטיגטע שפילער. וואס עס האט זיי א פנים באנג געטאן זיך שוין צעשיידען.

V

לעזענדיג די צייטונג, האט זיך איהם א וואָרף געטאן אין די אויגען די מודעה, אויף וועלכע שיפמאן האט איהם שוין פריהער אנגעטייט. אין דער מודעה איז געשטאנען:

„עס ווערד געזוכט א געבילדעטער און פארצווייפעלטער יונגער מאן, וועלכער וויל מיט זיין לעבען נאך א לעצטע פראבע מאכען. ווער עס וויל, זאל זיך מעלדען אונטער דער סיגנע נ. א. באדי ביי דער עקספעדיציע פונ'ם בלאט“.

אציגד פאסט עס גראדע פאר איהם. איידער ער וועט, ווי זיין פריינד היינריך, אין גאנצען מיט'ן לעבען אבשיידען מעג ער דאך עפיס פרובירען!

ניט לאנג געטראכט, הייסט ער זיך ברענגען א קארטל און שרייבט דערויף די אדרעסע פון נ. א. באדי און דערינען פאלגענדע ווערטער:

„איך בין אייער מענש. דאקטאר פרידריך לעווענבערג IX באהנשטראסע 67.“

אין דער צייט ווען ער האט דאס קארטיל פארטיג געמאכט, איז עמיצער אונטער געקומען פון דער זייט נעבען איהם און רויקט איהם איין:

„צאהנבערשטעלעך, שלייקעס, זאפינקים, זייט־זשע מוחל, אפשר דארפט איהר?“

פרידריך, וואס אויפ'ן הארצען איז איהם געווען מסתמא גענוג אנגעזאלעט, צעבייזערט זיך אויפ'ן ארעמען פעדלער און שטיפט איהם אב פון זיך. דער ארעמער פעדלער רוקט זיך אב מיט א זיפץ און מיט מורא ווארפט ער אויגען אויפ'ן קעלנער, וועלכער וועט איהם נאך אפשר אין גאנצען ווילען ארויסשטופען. דא האט שוין פרידריכ'ן אנגענומען ביים הארצען. ער האט שוין חרטה געקריגען, וואס ער האט דעם ארעמען מענשען אזוי מבייש געווען. ער רופט איהם צוריק און ווארפט איהם אריין א צוואנציגער אין קעסטעל. דער פעדלער אבער טראגט איהם אונטער דאס קארטל.

„איך בין ניט קיין בעטלער... איהר מוזט עפיס קויפען, אלא ניט קאן איך דאס געלד ניט נעמען“.

כדי פון איהם פטור צו ווערען נעמט פרידריך ביי איהם א זאפינקילע. דא ערשט בעדאנקט איהם דער פעדלער און געהט אוועק. פרידריך קוקט איהם נאך און זעהט ווי ער טראגט צו די מטבע צום קעלנער און קריגט פאר איהר א שטיק אלטגעבאקען ברויט, וועל־כעס דער ארעמאן שטעקט מיט היטפעט אריין אין ראק־קעשינע.

(פארטזעצונג קומט). משה קליינמאן.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג“.

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b .Krakau.

## נדבות

אין נומער 23 אין די געדרוקטע נדבות פאר קישינוב איז ביי די נדבות פון 52 רובל 25 קאפ. דורכגעלאזט די ווערטער: „נדבות פון די ארבייטער אין טאבאק־פאבריק א. זארעצקי אין טשערקאסע (קיעוו. גוב.)”

די איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זיינד נור „אלעקסאנדערס"



## נייעס!! נייעס!!
## ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, אונ נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. — זיי האלטען גוט איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גוממי שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע אונ אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**
подъ фирмою **Александеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענדער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגינאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יעניגע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 50 11 149

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

## י. שעקמאן, ווארשא.
פאבריק פון זילבער 84 פראָבע
(126) עס פלאטער-וואַארען. 22 60

І. ШЕКМАНЪ
Варшава, Налевки № 20.

מאגאזין נאלעווקי 20, פאבריק דזיקא 10.

## היימישע מיטטאגען!
צו מעססיגע פרייזען, אויך פערשיערענע צייטונגען צום לעזען ביי
**אהרן משכיל-לאיתן**
ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, 10-50 אין טהויער, 2 שטאק. (192)

---

## „אַגאַטאַל"-גורסקי, ווארשא. לעשנא 4 №
דאס בעסטע מיטעל צום רייניגען די צאָהנער,
פערהיטעט זיי פון פוילען אונ ווייטוג אין בלעכענע שעכטיל צום פרייז 20 קאפ' אונ 30 קאפ'. פאָרדערן איבעראל. (125)

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**



Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ.

**Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп. дороже.**

Адресовать:

**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственнымъ банкомъ).

Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## סקלאד פאן מיהלען-מאשינען
## PINKUS & KLEPFISCH
**Warszawa, Twarda Nr. 7.**

בעזיצט אויפס לאגער אלערארט מיהלען-מאשינען, אינלאנדישע אונ אויסלאנדישע, אלערליי ארטיקלען צו מיהלען געברויך.

בעסטע בעדינגונגען צו אלער ביליגסטען פרייזען.

עס ווערדען געזוכט פערטרעטער אין אלע גרויסע שטאדט רוסלאנדס מיט זעהר גוטע בעדינגונגען. 214 4—2

---

# בוכהאנדלונג
פון
## מרדכי קאצענעלענבאגען אין ווילנא
(עקסעסטירט שאן 50 יאהר).

איך רעכען פיר איבריג צו לויבען אונ רעקלאמירען מיין בוכהאנדלונג, וועלכע עקסעסטירט שאן זא לאנג אונ האט זיך א שם־טוב ערווארבען, די פיעלע אונ גוטע אונזערע אויסגאבען. הן אין העברעאיש הן אין זשארגאן, זענען די בעסטע עדות דערויף. איך מאך נור אויפמערקזאם, דאס די לעצטע צייט האט זיך מיין געשעפט פיעל אויסגעבעסערט אונ פערגרעסערט געווארען מיט פיעל העברעאישע אונ זשארגאנישע ביכער, וועלכע זענען ערשיענען דורך מיין פערלאג, אונ שטענדיג געפינט זיך אויף'ן לאגער א גרויסער אויסוואהל פון אלע זשארגאנישע בעסטע ביכער, פון די בעסטע בעריהמטע שריפטשטעלער.

אויך געפינט זיך אין מיין בוכהאנדלונג אלע ספרי חנוך ולמוד (אוצעבניקעס) מכל הפערלאגען; ספרי מליצה ושיר, ספרי פלפול ודרוש וכל מיני רומעל מכל בתי־הדפוס הן ממדינתנו והן מחו"ל.

איך פערקויף צו ביליגע פרייזען די אלע פאלגענדע ביכער פון מיין אייגענעם פערלאג:

כל שירי גארדאן פרייז מיט פארטא 7 רובל.

ספרי פרץ סמאלענסקין פרייז 13.90 רובל מ"פ.

בית הספר השלם מיט רוסיש אונ זשארגאן חלק א' 50 קאפ'; חלק ב' 60 קאפ'; חלק ג' 90 קאפ'.

בית הספר השלם מיט רוסיש חלק א' 40 קאפ'; חלק ב' 55 קאפ'; חלק ג' 80 קאפ'.

מטמון הילדים חלק א' 60 קאפ'.

המחנך השלם מאת גדליהו סופר מיט רוסיש אונ זשארגאן 80 קאפ'; מיט זשארגאן אליין 60 קאפ'.

יעצט איז ערשיענען דורך מיין פערלאג די נייע אוצעבניקעס:

תינוקות לבית רבן פיר אנפענגער, פרייז 15 קאפ' מיט פארטא.

פרדס הילדים פיר אנפענגער, מיט פראכטפאלע אילוסטראציעס, גראסארטיג געדרוקט, פרייז מיט פאר' 50 קאפ'.

בוכהענדלער אונ ציוניסטישע אגודות בעקומען פראצענט. 187 10—10

אדרעססע:
Въ книжный и картинный магазинъ
М. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНЪ, г. г. ВИЛЬНА.

---

## פאריזער נייעסטע מאדעלע
עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן
דאמען-מענטעל, וויערבזען צו פוטער און קאסטיומען
**ד. באראדאווסקי ווארשא. לעשנא № 9 וואהנ. 4**
אויפס פערלאנג פערפערטיגע אלער ארט בעשטעלונגען אין 24 שטונדען. 147 25—10